


# צלם פּאַליוס

„קינדער-פריינד“, ווארשע

# אינדערלופטן צום פּאָליוס

לויט פאַרשידענע קוועלן

באארבעט פין ר. ב.



„קינדער - פריינד“, וואַרשע 1935

II באַנד

הילע געצייכנט פון
הירש אַלטמאַן

INDERŁUFTEN CUM POLUS

opracowane przez R. B.

„Kinder-Frajnd", (wydanie „A")

W a r s z a w a 1 9 3 5

[illegible] ביי ה. [illegible] 4

Druk. „Renoma", Warszawa

# צום צאָפן-פּאָליוס

אויף טויזנטער און טויזנטער קילאָמעטער אַרום די צאָפנדיקע ברעגעס פֿון אייראָפּע, אַזיע און אַמעריקע האָט זיך אויסגעשפּרייט דער ברויגעזדיקער צאָפנדיקער אײַז־אָקעאַן — די מלוכע פֿון קעלט, אײַז און איינזאַמקייט — און באַהאַלט אָקשאַנעסדיק זײַנע סודות פֿאַרן מענטשן.

אָבער אַ שריט נאָך אַ שריט, נאָך אומבאַשרײַבלעכע אָנשטרענגונגען, העלדישקייט און קאָרבאָנעס, איז עס דרייסטע מענטשן געלונגען אַלץ טיפֿער אַדורכצודרינגען דורך דעם אײַזיקן פּאַנצער אין דער דאָזיקער פֿאַרשלאָסענער וועלט, און צווינגען זי צו אָנטפּלעקן אירע געהיימענישן: די גרויסע ווײַסע פֿלעקן אויף די געאָגראַפֿישע מאַפּעס האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצופֿילן מיט שוואַרצע פּונקטן, שטריכן און קאָנטורן פֿון די נײַ־אַנטדעקטע געביטן אין דער פּאָליאַרער וועלט, וואָס דערציילן די שטאָלצע געשיכטע פֿון איבערגעגעבענעם פֿאַרשונגס־ווילן פֿון מענטשן.

נאָר איין גרויסער פֿלעק אויף דער מאַפּע איז נאָך פֿאַרבליבן: דער אומגעהײַער גרויסער מיטעלער טייל פֿון אײַז־אָקעאַן האָט זיך נישט געלאָזט באַצווינגען, און אַלע העלדישע אָנשטרענגונגען האָבן נישט באַוויזן אײַנצונעמען די דאָזיקע אומצוטריטלעכע פֿעסטונג. אין יענע פֿאַרשלאָסענע ווײַטענישן געפֿינט זיך גראָד דער צאָפנדיקער פּאָליוס — יענער געהיימעניספֿולער פּונקט פֿון דער ערדקויל, אויף וועלכן ס'ווײַזט שטענדיק די נאָדל פֿון קאָמפּאַס, וועלכן די וויסנשאַפֿט האָט שוין לאַנג אויסגערעכנט און באַשטימט, איז געבליבן אומדערגרייכט, אָפּגעשלאָסן הינטער אומענדלעכע פֿעלדער פֿון אײַז. און וואָסערע געהיימענישן פֿאַרבאַ־

האַלט אָט דער ווייסער ריזיקער פלעק אַרום פּאָליוס? געפינט זיך דאָרט אַן אומבאַקאַנטער ערד־טייל? גרויסע אינדזלען? אָדער ס׳איז גאָר דערזעלבער אייז־אָקעאַן, באַדעקט מיט זיין פּאַנצער פון אייז און שניי?

צום צאָפן־פּאָליוס! איבערווינדן די אויסערגעוויינטלעכע שוועריקייטן! און וואָס געפערלעכער דער וועג, אַלץ גרעסער און שענער דער זיג! אַלץ העלדישער די טאַט, אַלץ גלענצנדיקער, שטראַלנדיקער דער רום!

און מענטשן פון גרויסן מוט, מענטשן, וואָס שרעקן זיך נישט פאַר געפאַרן, האָבן געשטעלט זייער לעבן אין קאָן, און זיך געלאָזט פאַרווירקלעכן דעם דרייסטן טרוים!

אָבער פאַרביסן האָט די אומדורכדרינגלעכע אייז־וויסטע נישט זיך געווערט, און אַסאַך העלדישע פאָרשער זענען אומגעקומען ביים שוועל פון דער דאָזיקער פאַרשלאָסענער וועלט.

און ווי זאָל מען טאַקע בייקומען דעם אומצוטריטלעכן מידבער, אין וועלכן די אייז־מאַסן געפינען זיך אין שטענדיקער באַוועגונג! אָט שפּאַלטן זיי זיך, און ס׳עפענען זיך צווישן זיי ברייטע שוואַרצע אָפּגרונטן, אָט שטיקן זיי זיך צונויף אין ריזיקע אייז־פעלדער, אין טורעמען זיך אויף ווי הויכע בערג. ווייל מען זיך דורכשלאָגן אַ וועג מיט שליטנס אָדער גליטשערס — קאָן מען יעדע רגע אַריינפאַלן אין אַ שפּאַלט, אין אַן אָפּגרונט, וואָס אַנטשטייט פּלוצלונג אונטער די פיס. פּרוווט מען זיך אַדורכצוקומען מיט אַ שיף — קאָן זי אין איין מינוט צעקוועטשט, צעקוועטשט ווערן פון די ריזיקע אייז־קריעס און אייז־בערג, וואָס טראָגן זיך מיטאַמאָל פון אַלע זייטן און צעשטערן אַלץ אויף זייער וועג.

און טאָמער געשעט עפּעס עמעצן אין דער דאָזיקער וויסטעניש, ווו עס הערשן אייז, שניי און שטורעמס, ווו ס׳פאַרבלאָנדזשעט צומאָל נישט קיין פּאָליאַר־בער, און קיין פויגל דערפליט נישט — איז פאַר אים קיין רעטונג נישטאָ!

איז אַלזאָ קיין שום מעגלעכקייט נישטאָ אַריבערצוטרעטן די פאַרבאָטענע שוועל? זאָל דער מענטש זיך אונטערגעבן? זאָל

עס שוין האַלטן דערבײַ, מע זאָל זיך אָפּזאָגן פֿון דער האָפֿענינג אײַנצונעמען — דעם אײַז־פּאַס, וואָס מאַכט צונישט די איבערמענטשלעכסטע אָנשטרענגונגען?

יאָ, דערבײַ האָט עס שוין געהאַלטן. מען האָט געמיינט, אַז דערגרייכן דעם פּאָליוס איז אוממעגלעך. אָבער דאָ קומט אַ יונגער, אָבער אַ באַרימטער נאָרוועגער, — פֿריטיאָף נאַנסען — און לאָזט זיך ווידער מיט אַן עקספּעדיציע צום פּאָליוס.

## מיט וואָס איז פֿריטיאָף נאַנסען באַרימט געוואָרן?

אין יאָר 1888 צעטראָגט זיך אַ קלאַנג איבער דער וועלט: אַ יונגער זאָאָלאָג (אַ פֿאָרשער פֿון כאַיעס), וועלכער איז ביז דאַן גוט באַקאַנט געווען אין די ספּאָרט־קרייזן, ווײַל ער האָט געוווּנען די וועלט־מײַסטערשאַפֿט אין סקי־לויף (לויפֿן אויף גליטשערס, נאָרטעס) האָט באַדייט דורכצודרינגען אויף גליטשערס איבער דער גאַנצער ברייט פֿון אינדזל גרענלאַנד. די וועלט האָט נאַנסענס פּלאַן אויפֿגענומען ווי אַ פֿאַנטאַסטישן אײַנפֿאַל פֿון אַ מענטשן, וואָס לאָזט זיך אומבאַרעכנט און נוצלאָז אויף אַ זיכערן טויט. קיינער האָט ניט געגלייבט אין דעם, אַז אַזאַ האַלדזברעכערישע אונטערנעמונג זאָל געלינגען. קיינער ניט, אויסער דעם 27־יאָריקן נאַנסענען אַליין, וועלכער האָט דעם פּלאַן גרינטלעך באַאַרבעט און ס'איז אים געלונגען!

מיט 4 דערפֿאַרענע באַגלייטערס האָט נאַנסען אין 40 טעג דורכגעשלאָגן זיך דורך גרענלאַנדס אײַז־פּאַנצער — אַ וועג פֿון 540 קילאָמעטער, אויף דער הייך פֿון 2720 מ. איבער דעם יאַם־שפּיגל!*)

דאָס איז געווען אַ טאַט, וואָס האָט קוים איר גלײַכנס אין דער געשיכטע פֿון מענטשלעכער העלדישקייט, אַ טאַט פֿון אַ גענ יאַלן מענטשן! וואָרעם נאָר אַ דאַנק דער געניאַלער פֿעיִקייט פֿאָרויסצוזען אַלע מעגלעכקייטן פֿון דער רייזע דורך אַ געביט, וואָס איז נאָך קיינמאָל ניט באַטרעטן געוואָרן פֿון אַ מענטשן,

*) A. B. Dobrowolski: Amundsen, Warszawa, 1929

פון וועלכן קיין שום יעדיע איז צו מענטשן נאָך נישט דורכגעדרונגען — האָט נאַנסען געקאָנט זיין ציל דערגרייכן.

די דערשטוינטע וועלט האָט איצט פאַרשטאַנען, אַז דער יונגער העלד איז נישט קיין פאַנטאַסט, וואָס שרעקט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום געפאַרן, נאָר אַ געניאַלער מענטש און אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר, וואָס טראַכט דורך זיינע פּלענער ביז אין די קלענסטע איינצלהייטן, און פאַרלירט זיך נישט אין דער גרעסטער געפאַר...

דער מאַרש דורך גרענלאַנד, וועלכן נאַנסען האָט מיט זיינע 4 אומדערשראָקענע באַגלייטערס דורכגעפירט, לאַווירנדיק צווישן אומבאַשרייבלעכע געפאַרן, איבער אָפּגרונטן, און האַלדז-ברעכערישע שיפּועס, באַרג-אַרויף, באַרג-אַראָפּ, אינמיטן פון ווילדע שטורעמס און שרעקלעכע זאַווערוכעס, געהערט צו די וווּנדערבאַרסטע טאַטן פון מענטשלעכער העלדישקייט. און דער פאַנטאַסטישער געדאַנק האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ ריכטיקן. דעם געדאַנק האָבן אויפגענומען נאָך אים אַנדערע דרייסטע פאָרשער און אין אַ צייט אַרום איז גרענלאַנד געוואָרן פולקאָם באַצווונגען.

## צוזאַמען מיט דעם גייענדיקן אייז

פאַרשטייט זיך, אַז ווען מיט 5 יאָר שפּעטער, אין יאָר 1893 האָט זיך דערהערט דער קלאַנג, אַז נאַנסען פאָרט צום צאָפן-פּאָליוס מיט אַן אייגענער שיף, וועלכע ער האָט געלאָזט בויען לויט זיינע אייגענע פּלענער אויסבויען און איינאָרדנען, האָבן אַלע געפרעגט: ווי אַזוי רעכנט נאַנסען דורכצופירן זיין שיף דורך די וואַנדערנדיקע אייז-מאַסן, וועלכע צעשטערן אַלץ, וואָס שטעלט זיך זיי אַנטקעגן אין זייער באַוועגונג?

און וואָס איז געווען נאַנסענס ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע? זיין ענטפער איז געווען אַזוי ניי, אַזוי אינגאַנצן אַנדערש פון די ביזאיצטיקע לייזונגען פון דער פראַגע, אַז אַלע זענען דערשטוינט געוואָרן.

— „איך װעל נישט קעמפן קעגן די אײַזפעלדער. איך װעל זײ אױך נישט אױסמײַדן. פּאַרקערט — איך װעל גײן מיט דעם גײענדיקן אײַז: כ'װעל זיך לאָזן דורך די אײַז־מאַסן נעמען געפאַנגען און װערן געטראָגן פון זײ... ביז צום פּאָליוס!

דאָס איז געװען זײַן געדאַנק.

אַ שיגאָען? אָדער אַ געניאַלע לײזונג פון דער פראַגע? האָט זיך געפרעגט די װעלט.

עס איז געװען אַ געניאַלער געדאַנק — לאָגיש און פּאַשעט. װי יעדער געניאַלער אײַנפאַל:

נאַנסען האָט געװוּסט, אַז אין צאָפנדיקן אײַז־אָקעאַן עקזיסטירט אַ מעכטיקער שטראָם, װאָס גײט פון די ברעגעס פון סיביר ביז צו די ברעגעס פון אַמעריקע. אין שפּעט־זומער און אין האַרבסט, װען דאָס אײַז נעמט זיך רירן, באַװעגט עס זיך פון די ברעגעס פון סיביר אין דער ריכטונג פון צאָפן. האָט נאַנסען גערעכנט, אַז דער שטראָם טרײַבט דאָס אײַז ביז די ברעגעס פון אַמעריקע איבער דעם פּאָליוס. דאָס אײַז רוקט זיך מיט דעם שטראָם אין דער צאָפנדיקער ריכטונג ביז צום פּאָליוס און פון דאָרט װײַטער אין דער אײגענער ריכטונג — צום דאָרעם צו, צו אַמעריקע. אויב עס איז אַזױ — קאָן דער פּאָליוס דערגרײכט װערן: מען דאַרף זיך לאָזן צו אים מיט דעם אײַז־שטראָם און צוזאַמען מיט דעם אײַז קומען דערנאָך צו די ברעגעס פון אַמעריקע.

## די צוגרײטונג פון דער עקספּעדיציע

דער פּלאַן פון דער עקספּעדיציע איז פאַרטיק. איצט קומט די אומגעהײַער װיכטיקע און שװערע צוגרײטונג־אַרבעט — דאָס שאַפן פון אַלע מיטלען, װאָס זאָלן העלפן מיט דערפאָלג אויסצופירן דעם פּלאַן.

ערשטנס — די שיף. זי מוז קאָנען אויסהאַלטן דעם געװאַלדיקן דרוק פון דעם אײַז: געבױט לױט זײַנע פּלענער און אָנװײַ־

זונגען, אונטער זיין פערזענלעכער אויפזיכט, ווערט די שיף גע־
בויט. „פראַם" — איז דער נאָמען, וועלכען נאַנסען גיט זיין שיף.
„פראַם" הייסט אויף נאָרוועגיש — „פאָרויס". די „פראַם" באַרעכ־
טיקט פולקאָם אַלע האָפענונגען פון נאַנסענען, איר בויער — זי
וועט אומבאַשעדיקט אויסהאַלטן אַלע סאקאָנעס, זי וועט אויסהאַלטן
דעם געוואַלטיקן דרוק פון די אייזפעלדער און די געפערלעכ־
סטע שטורעמס און הורוּאַגאַנען, זי וועט יאָרנלאַנג דינען נאַנסע־
נען און אויך אַמינדסענען ביי זייערע עקספעדיציעס אין די פאָ־
ליאַר־לענדער פון ביידע האַלב־קוילן פון דער ערד. מיט דערזעל־
בער פינקטלעכקייט גרייט צו נאַנסען די עקספּעדיציע. ביז אין די
קלענסטע איינצלהייטן. אַלץ איז וויכטיק, אַלץ מוז זיין פאָרויסגעזען.
ער פאַרגעסט קיין זאַך נישט, ער באַגייט קיין איינציקן פעלער
נישט, און אין יעדער מעגלעכער לאַגע וועט ער זיין באַוואָרנט.

און דאַן קומט דער אויסוואַל פון די באַטייליקטע אין דער
עקספּעדיציע. און ווידער ווייזט זיך אַרויס נאַנסענס פעיִקייט,
ריכטיק אָפּצושאַצן די מענטשן. אין פאַרלויף פון דער 3־יאָריקער
געפערלעכער עקספעדיציע איז קיינמאָל נישט געקומען צו סיכסו־
כים. יעדער איז געשטאַנען אויף זיין פּאָסטן, און אויסגעפילט
זיין פליכט.

## אין וועג

דער וועג איבער די צאָפּנדיקע יאַמים איז געווען אַ לאַנ־
גער און אַ שווערער. ערשט אין יאָר 1895 האָט זיך די „פראַם"
דערקליבן צום אויסגוס פון טייך לענאַ, און פון דאָרטן פאַרקע־
רעוועט צום צאָפן. אינגיכן איז זי אַריין אין פּאַס פון דעם פאָ־
ליאַר־אייז און, איינגעקלעמט אין דעם רינג פון אייז, האָט זי זיך
מיט אים צוזאַמען געלאָזט טראָגן פון שטראָם.

אַלץ גייט גוט. די „פראַם" האַלט גוט אויס דעם דרוק פון
אייז און באַוועגט זיך צו צאָפן. נאַנסען באַנוצט די צייט אויף
וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, ער הערט נישט אויף געניי צו קאָנ־

טראַלירן די באַוועגונג פון דער שיף. ווען זיי געפינען זיך שוין ביים 85־טן גראַד*) פון דער צאָפנדיקער ברייט (5 גראַד פון פּאָליוס) באַמערקט ער, אַז די „פראַם" ווייכט אָפּ פון דער ריכטונג. און פאַרקערעוועט צו דאָרעם.

דער שטראָם מיידט אַלזאָ אויס דעם פּאָליוס. מיט דער „פראַם" וועט נאַנסען זיין ציל נישט דערגרייכן.

– איז אַן דער פראַם! איך גיי פון דאַנען צום פּאָלוס צו־פוס! דערקלערט נאַנסען.

דער דאָזיקער איינפאַל איז נישט מיטאַמאָל ביי אים אויפ־געקומען, נאָכדעם ווי ער האָט זיך איבערצייגט, אַז קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ. ער האָט דאָס פאַרויסגעזען, נאָך איידער ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אריין; און אַלץ וואָס איז נייטיק געווען פאַר דעם פאַל, אַז ער וועט מוזן פאַרלאָזן די שיף – אַלע הילפס־מיטלען און מאַכשירים, אויך פּאַליאַר־הינט, געצעלטן – אַלץ איז געווען צוגעגרייט.

ער ווייַלט אויס נאָר איין באַגלייטער – דעם נאָרוועגער יאָהאַנסען. אויף 3 שליטנס, וועלכע ווערן געשלעפּט פון 28 פּאָ־ליאַר־הינט – לאָדט מען אָן עסנוואַרג אויף 100 טעג, די וויסנ־שאַפטלעכע מאַכשירים און דעם גאַנצן נייטיקן באַגאַזש. אויך צוויי זעגל־שיפן ווערן אַרויפגעלאָדן אויף די שליטנס. צו וואָס? ווייל נאַנסען זעט פאָרויס, אַז קומענדיק פון פּאָליוס וועט ער די „פראַם" מער נישט געפינען – פאַר דער צייט וועט זי דער אייז אייעקטראָגן העט ווייט צו דאָרעם.

נאַנסען מאַכט נאָך צוויי קליינע פרווו־אויספלוגן איבער דעם אייז זיך איינצואיבן, און אין פרילינג לאָזט ער זיך מיט יאָהאַנסענען אין געפערלעכן וועג אַריין, קעמפנדיק קעגן שניי־שטורעמס, דראַפּענדיק זיך איבער ריזיקע אייז־בערג, קריכנדיק אין די טיפע אייז־גריבער, – צוויי מענטשן אַליין – אָפּגעשניטן פון דער וועלט, אינמיטן פון שרעקלעכע געפאַרן... און אויב ס'וועט

*) אין געאָגראַפיע מיינט גראַד איז [illegible] קילאָמעטער.

זיי געלינגען צו דערגרייכן דעם פּאָליוס. ווי אזוי וועלן זיי זיך דורכשלאָגן צוריק?...

אָבער גישט אומזיסט איז נאַנסענס לאָזונג: „פאָרויס"!.. ער גייט פאָרויס און מיט אים זיין געטרייער באַגלייטער — יאָהאַנסען.

## דער פּאָליוס בלייבט אומדערגרייכט

דעם 2־טן מערץ 1895 האָט נאַנסען מיט יאָהאַנסענען זיך געלאָזט צום פּאָליוס.

וועלן זיי אים דערגרייכן?

זיי גייען פאָרויס. אָט געפינען זיי זיך שוין אויפן 86־טן גראַד פון דער צאָפן־ברייט. קיין מענטש איז פאר זיי נאָך אזוי ווייט נישט דערגאַנגען. און ביז צום פּאָליוס וועלן נאָך א 400 קילאָמעטער פאַרבליבן. זענען זיי נישט נאָענט פון ציל?... אין דאָ קומט דער קלאַפּ.

נאַנסען באַמערקט פּלוצלונג, אז אַנשטאָט צו דערנענטערן זיך צום פּאָליוס, הויבן זיי זיך גאָר אָן צו דערווייטערן פון אים... ווי קאָן דאָס זיין? זיי גייען דאָך אין גראַדער ריכטונג צום צאָפן־צו, צום פּאָליוס?

יאָ, אָבער דאָס אייז־פעלד, איבער וועלכן זיי גייען, הויבט זיך אָן צו באַוועגן צום דאָרעם־צו, און טראָגט זיי אָפּ פון פּאָליוס. איצט האָט דער ווייטערדיקער מאַרש מער קיין זינען נישט.

ס'איז שווער צו געפינען זיך אזוי נאָענט פון ציל און אים נישט צו דערגרייכן! אָבער פאַרפאַלן!

איצט קאָנצענטרירט נאַנסען זיינע געדאַנקען אויף דעם וועג צוריק... זיין פּלאַן איז צו דערגרייכן די נאָענסטע סריקע־ניש, די פראַנץ־יאָזעף־אינדזלען. האָרום צו דער „פראַם" קען מען נישט דערגרייכן. ווי נאַנסען האָט ריכטיק פאָרויסגעזען, איז די „פראַם" שוין אַוועק העט־ווייט.

# איבער אײַז־פעלדער און־אָקעאַן

דער צוריקוועג איז געווען איבערמענטשלעך שווער און געפערלעך. דאָס אײַז האָט שוין אָנגעהויבן זײַן פעסטקייט און אונטערן שניי זענען דורכאַנאַנד אַנטשטאַנען פאַרבאַהאַלטענע שפּאַלטן, אַזוי אַז אויף יעדן שריט האָט זיי געדראָט די געפאַר אַרײַנצופאַלן אין יאַם אַרײַן.

אָבער דאָ איז נאַנסענען צו הילף געקומען די גרייסטע דערפאַרונג פון זײַנע פּאָליאַר־וואַנדערונגען. לויט די קלענסטע באַוועגונגען פון דעם שניי אינטערן פוס, לויט דעם מינדסטן גערויש — און די קוים באַמערקלעכע סימאָנים, האָט נאַנסען געקאָנט דערזען די געפאַר און זי אויסמײַדן.

און אַזוי אַרום דערגרייכן נאַנסען און יאָהאַנסען אין אײַ־גיסט גליקלעך צום ראַנד פון דער אײַז וויסטעניש.

פאַר זיי ליגט דער אָפענער, פרייער יאַם. אָט איז ער!

פון די שליטנס נעמען זיי אַרויס די צוויי קליינע ווענג־שיפלעך — קאַיאַקן. יעדער קאַיאַק איז אויסגערעכנט נאָר אויף איין מענטשן. און אָט פאַרמעסטן זיי זיך צו שווימען איבערן אָקעאַן אין די דאָזיקע „ניס־שאָלעכצן" קאַיאַקן!

זיי שווימען — טרעפן אָן אינדזלען, און באַוועגן זיך פאָרויס. אַמאָל מיט דער טריקעניש, אַמאָל מיטן וואַסער.

אָבער עס הייבט אָן צוציפאַלן דער פּאָליאַרער ווינטער, און זיי גרייטן זיך צום איבערווינטערן. אויף אַן אינדזל מאַכן זיי זיך אָן ערד־שטיבערל, און שפּײַז שאַפן זיי זיך דורך געיעג אויף ווײַסע בערן און יאַם־הינט.

טעג, וואָכן פאַרגייען... זיי גייען קעמאַט־ניט אַרויס פון זייער שלאָף־זאַק. זיי ריידן קעמאַט קיין וואָרט ניט צווישן זיך. איינמאָל טרעפט זיך אַ צופאַל, וואָס האָט געקענט דערפירן צו אַ קאַטאַסטראָפע.

די בײַדע קאַיאַקן — אויף זיי ליגט דאָס גאַנצע עסנוואַרג, און אויך די ביקסן — רײַסן זיך פּלוצלינג אָפּ, און דער ווינט טראָגט זיי אַוועק אויפן יאַם.

אָבער נאַנסען איז שוין בײַם ברעג! און שוין, ווי ער שטייט און גייט, אַן אָנגעטאָנענער, גיט ער זיך אַ וואָרף אין דעם אײַזיקן וואַסער. מיט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען גיט זיך אים אײַן צו דעריאָגן די שיפלעך. זיי זענען געראַטעוועט!

און וואָס טוט ער איצטער? ווען ער זיצט אַזוי אַ דורכגענעצטער, מיט אַ קאָרע אײַז באַדעקט, ציטערנדיק פון קעלט, רודערס דאָס שיפל קעגן ווינט צום ברעג צו — לאָזט ער פלוצלונג אַראָפּ די רודערס און לאַכט. יאָהאַנסען מיינט, אַז נאַנסען איז אַראָפּ פון זינען. אָבער נאַנסען האָט גאָר באַמערקט 2 פייגל אינדערלופטן. זײַן יעגער-אינסטינקט האָט זיך דערוועקט, און שוין כאַפּט ער די ביקס אין די פאַרגליווערטע הענט, צילעוועט און שיסט אַראָפּ ביידע פייגל.

— יעצט מיר איין מאָל האָבן אַ גוטן ביסן! — לאַכט ער.

אפילו אין די שווערסטע מאָמענטן, ווען דאָס לעבן הענגט אויף אַ האָר, האָט ער נישט פאַרלוירן זײַן הומאָר און לעבנס פרייד!

אינגיכן קומט פאָר אַן אומגעריכטע-גליקלעכע באַגעגעניש מיט מענטשן... אין דער אַרומיקער איינזאַמקייט קומט זיי אַנטקעגן דער ענגלישער פּאָליאַר-פאָרשער דזשעקסאָן, וואָס האָט שוין אין צאָפן פאַרבראַכט 2 ווינטערס און קלייבט זיך צו פאַרברענגען נאָך אַ דריטן.

דזשעקסאָן טיילט זיך מיט נאַנסענען מיט זײַנע שפּײַז-פאַרגרייטן און ווײַזט אים אָן דעם באַקוועמסטן וועג אַהיים.

## פריטיאָף נאַנסען, דער פאָרשער, געלערנטער און קעמפער

אין 1896-טן יאָר, 3 יאָר נאָך זײַן אָפּפאָר, איז נאַנסען מיט זײַן געטרײַען באַגלייטער יאָהאַנסען צוריקגעקומען אַהיים.*)

*) א יאָר שפּעטער האָט זיך אומגעקערט אויך די „פראַם“.

ניסט נאָר נאָרוועגיע. נאָר די גאַנצע וועלט האָט באַגריסט מיט באַגייסטערונג דעם העלדישן מענטשן. די פּאָליאַר-פאָרשונג האָט אים אָנערקענט פאַר איינעם פון אירע גרעסטע פאָרשטייער.



פריטיאָף נאַנסען

דורך זיין טאַט האָט נאַנסען באַוויזן, אַז די פּאָליאַרע וועלט קאָן מען איינעמען, אויב מען פּאַסט זיך צו צו אירע באַדינגונגען, און מען טראַכט גרינטלעך אַדורך דעם פּלאַן, די אויספירונג און די טעכנישע מיטלען. ער האָט אַרויסגעפירט די פּאָליאַר-פאָרשונגען אויף אַ נייעם צילבאַוווסטן וועג. און איז געוואָרן דער וועגווייזער פאַר די פּאָליאַר-פאָרשער. און ניסט נאָר פאַר זיי אַליין. די וונדערבאַרע קראַפט פון זיין פּערזענלעכקייט און די העלדישע טאַט האָבן געמאַכט (און מאַכן ביז איצט) אַ טיפן איינדרוק אויף אַלע מענטשן, און באַזונדערש אויף יוגנטלעכע. זיין

בוך וועגן דער עקספּעדיציע געהערט צו די געצייל‍טע ביכער אויף דער וועלט, וואָס ווערן צומייסטן געלייענט. עס איז אַ קוואַל פֿון באַגייסטערונג, פֿון גלויבן אין מענטשן, אין זיין גייסט און שטאַרקן ווילן, וואָס שטויסט יונגע מענטשן צו העלדישע טאַטן.

נאָך דעם צוריקקומען פֿון פֿאַליוס-פֿאַס האָט נאַנסען מער קיין פֿאָרשונג-רייזעס נישט געמאַכט. פֿון דעמאָלט אָן ביז צו זיין טויט, אין יאָר 1930, גיט ער זיך אָפּ מיט וויסנשאַפֿטלעכער אַר־בעט... און נישט נאָר דאָס אַליין... פֿריער האָט ער געקעמפֿט קעגן דער פֿיינדלעכער נאַטור, דינענדיק דער וויסנשאַפֿט. איצט קעמפֿט ער ווייטער, אויף אַן אַנדערן פֿראָנט. ער באַקעמפֿט די רעזולטאַטן פֿון גרויסן וועלט־קריג און לינדערט די מענטשלעכע ליידן.

ער באַגנוגנט זיך נישט מיט בלויזער פּראָפּאַגאַנדע פֿון מענטשלעכקייט; זיין מיטגעפֿיל מיט ליידנדיקע מענטשן, זיין ווילן צו פֿאַרלייכטערן זייער גורל, שטויסט אים אויך צו פּראַק־טישע אויפֿטוען *).

---

*) גלייך נאָכן וועלט-קריג טראַכט נאַנסען וועגן דעם טראַגישן גורל פֿון די קריגס-געפֿאַנגענע, אַן וועלכע מען האָט אין „פֿאָטערלאַנד" פֿאַרגעסן און אָרגאַניזירט דעם צוריק-טראַנספּאָרט פֿון די קריגס-געפֿאַנגענע אין זייערע היימען.

ווען אין ראַטן-רוסלאַנד איז איינגעבראָכן די גרויסע הונגער-קאַטאַסטראָפֿע, האָט נאַנסען אָרגאַניזירט אַן אינטערנאַציאָנאַלע הילפֿס-אַקציע און וואָס אַליין צוויי מאָל אָרגאַניזירט טראַנספּאָרט-צוגן מיט לעבנס-מיטל אין די הונגעריקע געגנטן.

נאַנסען האָט אויך פֿאַרלייכטערט דעם גורל פֿון צענדליקער טויזנטער מענטשן, וועלכע האָבן צוליב דעם קריג און די מלוכה-איבערקערענישן פֿאַרלוירן זייער בירגערשאַפֿט. ער האָט געפֿירט, אַז די פֿעלקער-ליגע זאָל זיי נעמען אונטער איר שוץ און זיי אַרויסגעבן פּאַספּאָרטן, וואָס טראָגן טאַקע זיין נאָמען („נאַנסען-פּאַס").

# רואַל אַמונדסען

מיט גאָלדענע אויסיעס האָט פּריטיאָף נאַנסען אַרײַנגעשריבן זײַן נאָמען אין דער געשיכטע פון פּאָליאַר־פאָרשונג. נעבן נאַנסענס נאָמען שטייט ניט ווייניקער שטראַלנדיקער דער נאָמען פון צווייטן גרויסן נאָרוועגער — רואַל אַמונדסען. דער נאָרוועגער רואַל אַמונדסען איז דער באַזיגער פון דער פּאָליאַר־וועלט.



רואַל אַמונדסען

אַמונדסען האָט זײַן גאַנץ לעבן און ענערגיע אָפּגעגעבן דער אויספאָרשונג פון די אומצוטריטלעכע טיילן פון אונדזער פּלאַנעט. דעם גרעסטן טייל פון לעבן פאַרברענגט ער אין די עקייעלסן און אַהיים קומט ער נאָר אויף אָפּצורוען, און צוצוגרייטן אַ נײַע עקספּעדיציע און נײַע העלדישע טאַטן. און זײַן טראַגישן טויט געפינט אַמונדסען אין די ווײַסענישן פון צאָפן, בײַ זײַן העלדישן פּרווו צו ראַטעווען נאָבילען.

זײַן לעבן איז אַ וווּנדערבאַרע קייט פון העלדישקייטן און זיגן. ווי ביי נאַנסענען, פאַרבינדט זיך אויך אין אַמונדסען דער גרעסטער מוט און דרייסטקייט מיט דער זאַכלעכקייט און ניכ־טערנקייט.

קיין געפאַר וועט אים נישט אָפּהאַלטן. יוען ער גייט צו זיין ציל! אָבער ער וועט יעדן שריט דורכטראַכטן און אַלץ גע־מען אין אַכט, צו זיכערן דעם דערפאָלג.

נאָך אַ גאַנץ יונגער מענטש, אַן אומבאַקאַנטער נאָרוועגי־שער יאַם־אָפיציר, פאַרמעסט זיך אַמונדסען צו אַנטדעקן ביי די צאָפן־ברעגעס פון אַמעריקע דעם דורכגאַנג פון אַטלאַנטישן אָקעאַן צום שטילן. און די דרייסטע זאַך וויל ער דורכפירן אין אַ קליי־נעם יאַכט מיט 5 מענטשן! די געניטע פּאָליאַר־פאָרשער קוועטשן מיט די פּלייצעס: ווייסט ער דען נישט, אַז ביי דעם זעלביקן פרווו איז טראַגיש אומגעקומען די גרויסע עקספּעדיציע פון ענג־לישן אַדמיראַל און געניטן פּאָליאַר־פאָרשער דזשאָן פראַנקלין*) און 130 מענטשן האָבן מיט אים צוזאַמען דאָרט געפונען דעם טויט! ס'איז נאָר אַ פאַנטאַסטישע אַמביציע פון אַ גאָר יונגן מענטשן, וואָס האָט נישט קיין פאָרשטעלונג וועגן דער ריזיקער שווערקייט פון דער אונטערנעמונג!

דער טראַגישער אויסגאַנג פון פראַנקלינס עקספּעדיציע שרעקט אַמונדסענען נישט אָפּ. דער דאָזיקער מענטש ווייסט נישט וואָס ס'הייסט שרעק. זײַן מוט און זײַן ווילן האָבן קיין גרענעץ נישט. אָבער עס איז פאַלש צו מיינען, אַז דער יונגער אַמונדסען האָט קיין קלאָרע פאָרשטעלונג נישט וועגן דער געפערלעכער אונטערנעמונג. ער האָט גרינטלעך דעם פּלאַן שטודירט און דורכ־געטראַכט ביז צום לעצטן פּינטעלע. ער האָט זיך געאיבט, גע־זאַמלט אַן אַ שיעור דערפאַרונגען. און אויבער אַנטשליסט זיך צו מאַכן די עקספּעדיציע אויף אַ קליינעם שיפל, מיט 5 מאַן, איז עס נישט צוליב אַמביציע, נאָר ווייל ער ווייסט, אַז נאָר מיט אַ קליינעם, לייכטן שיפל, וועט ער קאָנען לאַווירן צווישן די אײַנ־

*) דאָס איז געשען אין יאָר 1845.

קריַיס, און זיך דורכקוועטשן דורך שמאָלע אײַז־קאַנאַלן.

אַמונדסען פירט אויס זײַן פּלאַן. אין דעם קליינעם יאַכט, מיט אַ מאָטאָר פון 13 פערד־קראַפט, מיט 5 צוגעקליבענע באַגלייטערס, מאַכט אַמונדסען אַ רייזע אַרום דער ערד־קויל. און דאָס, וואָס איז קיינעם ביז איצט נישט געלונגען, געלינגט אַמונדסענען. איבערן אַטלאַנטישן אָקעאַן, לענגאויס דעם מיזרעחדיקן און צאָפּנדיקן ברעג פון אַמעריקע קומט ער אַרײַן אין שטילן אָקעאַן! דער צאָפן־מיזרעחדיקער דורכגאַנג איז אַנטדעקט. און זײַן באַדײַטנדיקע אויפגאַבע פון דער פּאָליאַר־פאָרשונג איז געלייזט!

## די חיבנשאַפטלעכע אויפטוען

5 יאָר איז אַמונדסען אַרומגעפאָרן מיט זײַן קליינעם שיפל אין האָט וויסנשאַפטלעך אויסגעפאָרשט די פּאָליאַר־געביטן. ער האָט אַנטדעקט אַ גרויסע צאָל אומבאַקאַנטע אינדזלען. און אויך מאָפּעס געענוי צו פאַרצייכנט, ווי אויך די קאָנטורן פון די ברעגעס, וואָס זענען נאָך ביז דאַן אומבאַקאַנט געווען.

ער האָט נאָך אַ וויכטיקערע זאַך אויפגעטון: ער האָט געניי באַשטימט דעם אָפּנייג פון מאַגנעט־פּאָליוס פאַר די פּאָליאַר־געביטן, וועלכע ער איז דורכגעפאָרן.

איר דאַרפט נאָר אַ קוק טון אויף אַ קאָמפּאַס און איר קענט זיך איבערצייגן, אַז די מאַגנעט־נאָדל פון קאָמפּאַס ווײַזט שטענדיק אַביסעלע אָן אַ זײַט פון געאָגראַפישן פּאָליוס. אויב מע וויל אַלזאָ מיטן קאָמפּאַס זיך אָריענטירן אויף אַ באַשטימטן אָרט, דאַרף מען געענוי וויסן זײַן אָפּנייג, דאָס הייסט, דעם ווינקל, וואָס די נאָדל בילדעט מיט דעם געאָגראַפישן מערידיאַן. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער אָפּנייג איז נישט דער זעלביקער אין אַלע פונקטן פון דער וועלט, און דערפאַר האָט די וויסנשאַפט געמוזט צונויפשטעלן ספּעציעלע מאַפּעס, וווּ עס ווערט אָנגעוויזן דער אָפּנייג אין יעדן אָרט. פאַרשטייט זיך, אַז אַזוינע אויסמעסטונגען פאַר די פּאָליאַר־לענדער האָט מען געקענט אויספירן נאָר

דאָרט, ווו מענטשן האָבן געקאָנט דערגרייכן. אַמונדסען האָט באַרייכערט די קאָמפּאַס־מאַפּעס, באַשטימענדיק דעם אָפּנייג אין יענע ערטער, ווו אַ פֿאָרשערס פֿוס איז נאָך נישט אַריינגעדרונגען.

ס'איז אויך באַקאַנט, אַז אויפֿן קאָמפּאַס האָבן אַ ווירקונג מאַגנעטישע אייגנשאַפֿטן פֿון דער ערד, און עס זענען דאָ ערטער, ווו די מאַגנעט־נאָדל נעמט אָן גאָר אַן אַנדערע לאַגע, ווי זי וואָלט געדאַרפֿט אָננעמען. אויב אין דער טיפֿעניש פֿון דער ערד זענען דאָ גרויסע אייזן־אויצרעס, למשל, וועלן זיי האָבן אַ ווירקונג אויף דער מאַגנעט־נאָדל, און זי אַרויספֿירן פֿון איר נאָרמאַלער לאַגע. דעריבער איז נייטיק אויך צו פֿאָרשן דעם ערדישן מאַגנעטיזם. אויך אַזוינע פֿאָרשונגען האָט אַמונדסען דורכגעפֿירט אין די ניי־אַנטדעקטע פּאָליאַר־געביטן. און מיט זיינע גענויע און גרינטלעכע פֿאָרשונגען האָט ער אַ סך אויפֿגעטאָן פֿאַר די שיפֿפֿאָרער אויף די פּאָליאַרע ימים.

## איין זיג נאָכן אַנדערן

— נאָך 5 יאָר גרויסע אָנשטרענגונגען און העלדישע טאַטן קומט אַמונדסען צוריק קיין נאָרוועגיע, און ער ווערט אויפֿגענומען מיט באַגייסטערונג. אָבער גלייך שמידט ער נייע פּלענער, און גרייט זיך צו אַ נייער אונטערנעמונג. און איין אויפֿטו קומט נאָכן צווייטן, איין דערפֿאָלג נאָכן אַנדערן!

ער לאָזט זיך צו דער דאָרעמדיקער האַלב־קויל. ער דרינגט אַריין אין אויבערשטראָם פֿון אַמאַזאָנקע, פֿון וואַנען קיין איין ווייסער מענטש האָט זיך נאָך נישט אומגעקערט לעבעדיקער. הייס, ווו עס שפּרייטן זיך אומגעהייערע זומפּן, ווו עס הערשן טראָפּישע פֿיבערס, ווו ס'לויערט אין די דזשונגלען דער טויט, און ווו די טייכן זענען פֿול מיט קראָקאָדילן.

און דערנאָך נאָך אַ גרעסערער זיג: אין יאָר 1911 אַנטדעקט אַמונדסען דעם דאָרעם־פּאָליוס! דער ערשטער מענטש, וועמען די זאַך איז געלונגען.

דער ענגלענדער שעקלטאָן איז דאָרט טראַגיש אומגעקומען, זייענדיק גאַנץ נאָענט פון ציל. דער ענגלישער פאָרשער סקאָט האָט זיך געמיזט אומקערן, נאָכדעם ווי ער האָט שוין דורכגעמאַכט דעם גרעסטן טייל וועג.

אַמונדסען איז דערגאַנגען צום ציל און דערוויזן, אַז דער דערפאָלג איז אָפּהענגיק פון דער צוועקמעסיקער און גוט דורכגעטראַכטער אָרגאַניזאַציע פון דער אונטערנעמונג.

אויפן צוריקוועג פון פאָליוס אײַלט זיך נישט אַמונדסען צו קומען אַהיים און זיך לאָזן פײַערן אלס העלד! נאָרוועגיע וועט מוזן וואַרטן מיט דער פײַערלעכער אויפנאַמע!

ער פאָרשט אויס דאָס דאָרעמדיקע פאָליאַר־געביט, אַנטדעקט דאָרט אַן אײַז־באַדעקטן באַרג פון 3000 מעטער די הייך און אַן אומבאַקאַנטן ערד־טייל פון דאָרעמדיקן אײַז־אָקעאַן. ער פאָרשט אויך די סוידעס פון דאָרעמדיקן טייל פון אַטלאַנטישן אָקעאַן און באַרײַכערט די וויסנשאַפט מיט אַ ריי וויכטיקע אַנטדעקונגען.

ווען ער קומט ענדלעך צוריק, באַגעגנט אים די גאַנצע וועלט מיט אומבאַשרײַבלעכער באַגײַסטערונג. און אין זײַן לאַנד — נאָרוועגיע — איז דער טאָג פון זײַן קומען אַ נאַציאָנאַלער יאָנטעוו.

וועט ער זיך אָפּרוען איצט, נאָך די אַלע קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונגען?..

ער פאָרט אַרום איבער די גרויסע שטעט מיט פאָרלעזונגען. אויך אין וואַרשע איז ער געווען אין יאָר 1913 און האָט געלייענט אַ באַריכט פון זײַנע רייזעס. ער זאַמלט אַזוי אַרום געלט פאַר אַ נײַער עקספּעדיציע! דער דאָזיקער מענטש פון טאַט קאָן נישט רוען, און זײַן הײַלן טרײַבט אים קעסיידער צו נײַע קאַמפן און צו נײַע זיגן.

זײַן ציל איז איצט — דער צאָפן־פאָליוס. און ער גרייט שוין אַן עקספּעדיציע. בויט אויס אַ שיף — די „מאָוד“, וואָס דאַרף קענען אויפנעמען נאָך מער באַגאַזש, ווי די „פראַם“, ווײַל ער זעט פאָרויס, אַז די רייזע וועט לענגער דויערן... שוין באַלד וועט ער פאַרטיק זײַן מיט די צוגרייטונגען און קאָנען אַרויס־

כאָרן. אָבער דאָ קומט פּלוצלונג אונטער דער וועלט-קריג (אין יאָר 1914) און ער מוז די רייזע אָפּלייגן.

## אַמונדסען קען זיך ניט דערוואַרטן

אַמונדסען וואַרט מיט אומגעדולד אויפן סוף פון קריג. ער ציילט די טעג, וואָכן, חדשים... אָבער דער קריג נעמט קיין סוף ניט, און ער פאַרלירט דאָס געדולד, און אַ האַלב יאָר פאַרן סוף פון דער מלחמה לאָזט ער זיך אין וועג.

זיין פּלאַן איז געווען לויט נאַנסענס געדאַנק: זיך לאָזן טרייבן צום פּאָליוס דורכן אייז-שטראָם. אָבער אַלס אויסגאַנגס-פּונקט האָט ער אויסגעקליבן דעם בערינגער דורכגאַנג.

אָבער אַזוי ווי דער קריג דויערט נאָך, און זיין שיף קאָן סאַרפּעדירט ווערן, באַשליסט אַמונדסען צו לאָזן זיך צום בערינג-גער דורכגאַנג לענגאויס די צאָפנדיקע ברעגעס פון אייראָפּע און אַזיע. דאָס איז אַ שווערער און געפערלעכער וועג — ס'איז אַ גאַנצע פּאָליאַר-עקספּעדיציע, וואָס ער דאַרף דורכמאַכן, נאָך איידער ער קומט צום אויסגאַנג-פּונקט פון זיין אייגנטלעכער עקספּע-דיציע.

אַמונדסען האָט געוווּסט, אַז דער וועג איז אַ ריזיקאַלישער אַז די ברעגעס פון סיביר זיינען פול מיט סאַקאַנעס, אָבער וואָרטן האָט ער ניט געקאָנט. און פאַרוואָס זאָל אים ניט אָפּגליקן? ביז איצט איז דאָך אים דורכגעגאַנגען דאָס שווערסטע. דאָס איז מעגלעכסטע געלונגען? ער האָט זיך דאָסמאָל פאַרלאָזן אויף זיין מזל. און גראָד דעמאָלט האָט אים די האָפענונג אָפּגענאַרט. דאָס ערשטע מאָל געלינגט אַמונדסען ניט צו דערגרייכן זיין ציל.

## די ראַנגלענישן מיט די פייַנדלעכע נאַטור-קרעפטן

אויפן וועג צום בערינגער דורכגאַנג מוז אַמונדסען אויס-האַלטן געוואַלטיקע שטורעם. אין דער „מאַוד" דראָט צעקוועטשט צו ווערן דורך די ריזיקע אייז-בערג.

עס דאַכט זיך, אַז דער אײַז־אָקעאַן, די גאַנצע נאַטור נעמט ציניש אַלע קונצעס אַנטקעגנצושטעלן זיך אַמונדסענען. די „מאַוד" איז בײַגעקומען אַלע שטערונגען, אָבער גאַנצע 2 יאָר זענען אַריבער אין שווערע ראַנגלענישן, ביז זיי האָבן דערגרייכט דעם בערינגער יאַם־דורכגוס, דעם סטאַרט־פּונקט, פֿון וועלכן זיי האָבן זיך געדאַרפֿט ערשט לאָזן צום פּאָליוס.

אין דאָ קומט אַ נײַע און נאָך שווערערע שטערונג. זיי קאָנען זיך נישט דורכשלאָגן צום אײַז־שטראָם, צוליב די ריזיקע אײַז־קריגעס, וואָס באַלאַגערן זיי פֿון אַלע זײַטן און פֿאַרשפּאַרן זיי דעם וועג. די „מאַוד" וויל זיך דורכרײַסן. אָבער דאָס מאָל זיגט דאָס אײַז: די „מאַוד" ווערט צעקלעמערט און אַמונדסען איז געצוווּנגען צוריקצוציִען זיך. קוים מיט צאָרעס שלעפּט ער אַרויס די „מאַוד" און ער בלײַבט אין אַליאַסקאַ. וווּ מען רעמאָנטירט די שיף.

## אַ פּרוּוו צו פֿליִען צום פּאָליוס

2 יאָר מיט כאַדאָשים זענען פֿאַרגאַנגען, זינט ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. און ער שטייט נאָך אַלץ בײַם אָנהייב... אין אַמונדסענען קומט אויפֿן געדאַנק, צו פֿליִען צום פּאָליוס אין אַן אַעראָפּלאַן. עמעס. אַז אין אַעראָפּלאַן וועט ער קאָנען זען דעם פּאָליוס אין דעם אײַז־געביט נאָר פֿון דער לופֿט. אָבער דאָס וועט אים געבן די מעגלעכקייט צו אָריענטירן זיך איבער דער לאַגע. און דאַן וועט ער שוין לײַכטער קאָנען זיך דורכשלאָגן צום פּאָליוס איבערן אײַז.

אַמונדסען איז נישט געוועזן דער ערשטער, וואָס איז געקומען אויף דעם געדאַנק צו פֿליִען צום פּאָליוס.

מיט יאָרן צוריק, אין יאָר 1896, איז געוועזן אַ מענטש, וואָס האָט דעם געדאַנק געפּרוּווט צו פֿאַרווירקלעכן.

אין יענער צײַט איז לופֿט־פֿליִערײַ נאָך געוועזן ווי מען זאָגט, אין די וויקעלעך. וועגן אַעראָפּלאַנען, וואָס מען קאָן זיי

קערפּווען אין וועלכער ריכטונג מען וויל. האָט מען דאַן ערשט געטרוימט. פליִען האָט מען דאַן געקאָנט נאָר אין אַ לופט-באַלאָן, וועלכן ס'האָט געטריבן דער ווינט.

נאָך נאַנסענס עקספּעדיציע צום פּאָליוס, האָט אַ יונגער שוועד, אַנדרע, באַשלאָסן צו לאָזן זיך צום צאָפן-פּאָליוס אין אַ לופט-באַלאָן. ער האָט גערעכנט נאָכצוטון נאַנסענען, וועלכער האָט אויסגענוצט דעם אייז-שטראָם צו צאָפן. אַנדרע האָט גע-זאָגט: „איך וועל אויסנוצן דעם לופט-שטראָם, וואָס באַוועגט זיך צום צאָפן צו, און ער וועט מיין לופט-באַלאָן טראָגן צום פּאָליוס. דאָס איז געווען אַ זייער דרייסטע און ריזיקאַלישע פּאַרמעסטונג, ריזיקאַליש ביז גאָר. אָבער דאָס האָט אַנדרען נישט אָפּגעהאַלטן: ער האָט געפונען נאָך 2 כאַווירים, וואָס האָבן זיך געלאָזט מיט אים. דער סטאַרט-פּונקט איז געווען שפּיצבערגען.

אין דעם 11-טן יוני 1896, זענען די 3 דרייסטע מענטשן אָפּגעפלויגן אין געפערלעכן וועג אַריין — און מער האָט מען זיי שוין קיינמאָל נישט געזען...

אין שפּיצבערגען ווייזט מען נאָך היינט דאָס געצעלט, אין וועלכן אַנדרע האָט מיט זיינע 2 כאַווירים פאַר זייער אָפּפאָר געוווינט. דער פּרווו איז טאַקע געווען ריזיקאַליש און אומזיניק. אָבער די העלדישקייט פון די דאָזיקע 3 מענטשן רופט אַרויס באַוווּנדערונג.

## אַמונדסען האָט ווידער קיין גליק נישט

ווען אַמונדסען האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן פּלאַן צו פליִען צום פּאָליוס, איז די זאַך שוין נישט געווען אַזוי פאַנטאַסטיש און אומזיניק, ווי אין אַנדרעס צייטן. אין די 25 יאָר האָט די אַוויאַטיק געמאַכט ריזיקע פּאָרשריטן. אין דער קריג-צייט האָט מען זיך אַ-בערצייגט, וואָס מען קאָן אַלץ אויפטון מיט אַן אַעראָפּלאַן. די פּראָגע, וואָס איז געשטאַנען פאַר אַמונדסענען, איז געווען, צי קאָן מען מיט אַן אַעראָפּלאַן פליִען אָן אָן אָפּשטעל אַ לענגערע

צײַט. און דאָ דערוויסט ער זיך, אַז אין אַמעריקע ווערן געבויט אַעראָפּלאַנען פון טיפּ „יונקערס“, וועלכע קאָנען פליִען אָן אָפּשטעל 27 שאָ!

מער דאַרף ער נישט! ער באַשטעלט אַלזאָ אַ „יונקערס“-אַעראָפּלאַן קיין אַליאַסקע, ווו ער געפינט זיך נאָך אַלץ. נאָר בײַם ערשטן פּרווו-פלי, פאַלט דער אַפּאַראַט אַראָפּ און צעברעכט זיך אויף פּיצלעך. ווי דורך אַ נעס בלײַבן אַמונדסען און דער פּילאָט בײַם לעבן.

וואָס טוט אַמונדסען איצט? ער זאָגט זיך אָפּ פון פּלאַן?

ניין! ער באַשטעלט אַ צווייטן „יונקערס“.

דערווײַל גייט שוין דאָס 5-טע יאָר פון זײַער רייזע.

נאָך געפערלעכע קאַמפּן מיטן אײַז, האָט די „מאָוד“ ענדלעך באַוויזן אַרײַנצוקומען אין אײַז-שטראָם. אָבער אַמונדסען האָט שוין באַשלאָסן צו פליִען צום פּאָליוס. און דעריבער גיט ער איבער די אָנפירונג איבער דער שיף דעם קאַפּיטאַן טיזענדרופּ און אַליין בלײַבט ער אין אַליאַסקע, אָפּצוּוואַרטן דעם אַעראָפּלאַן.

און ווידער אַ דורכפאַל!

אויך דער צווייטער אַפּאַראַט ווערט-גלײַך שווער צעשעדיקט, און אַמונדסען פאַרלירט נאָך אַ פּאָר מאָנאַטן אויף פּרווון אים צו פאַריכטן. ער מוז זיך אָפּזאָגן פון זײַן פּלאַן — די צוויי אַעראָפּלאַנען האָבן פאַרשלונגען דעם רעשט פון זײַנע געלטער.

וועט ער איצט שוין אויך אויפגעבן דעם גאַנצן פּלאַן? אַזאַ געדאַנק פאַלט אַמונדסענען אַפילע נישט אײַן. ער וועט נאָר די פלי-עקספּעדיציע אָפּלייגן, ביז ער וועט געפינען געלט-מיטלען אין צוגרייטן טעכניש די נײַע עקספּעדיציע.

ער פאָרט גלײַך אַוועק קײַן אַמעריקע — דאָרט האָפט ער צו געפינען-געלט-מיטלען. און ער געפינט אַ יונגן רײַכן אַמעריקאַנער, עלסוואָרט, וואָס איז גרייט צו געבן 85 טויזנט דאָלאַר, מיטן באַדינג, אַז אַמונדסען זאָל אים מיטנעמען צום פּאָליוס.

# אויף צחיי הידראָפּלאַנען

אין יאָר 1925 איז אַמונדסען גרייט צו דער פּלי-עקס-פּעדיציע.

די 2 פלי-אַפּאַראַטן, וואָס ער האָט זיך געלאָזט אויסבויען, זענען נישט אַעראָפּלאַנען אויף רעדער, נאָר הידראָפּלאַנען, ד. ה. אַעראָפּלאַנען, וואָס קאָנען אויך שווימען איבערן וואַסער. און דאָס קאָן זיך אַרויסווייזן פאַר נייטיק, ווייל צווישן די אייז-פעלדער טרעפט מען אָן אויך אויף געביטן, וואָס זענען פריי פון אייז, — אַזויגערופענע „אייז-לעכער". אויסער דעם קאָן אַזאַ אַעראָפּלאַן אויך געשטעלט ווערן אויף גרויסע גליטשערס. אַזוי אַרום באַוואָרנט זיך אַמונדסען אויפן פאַל, ווען דער אַעראָפּלאַן זאָל געצוואונגען זיין אַראָפּצולאָזן זיך אויפן וואַסער, אָדער אויפן אייז די הידראָ-פּלאַנען זענען גרויסע: יעדער איינער פון זיי קאָן אויפהייבן א לאַסט פון איבער 3500 קילאָגראַם, און דורכפליען אָן אַן אָפּשטעל 3000 קילאָמעטער.

אַלס סטאַרט-פּונקט האָט אַמונדסען אויסגעקליבן שפּיצבערגן. אין דער עקספּעדיציע האָבן זיך באַטייליקט 6 מענטשן: אַמונדסען אַליין, דער אַמעריקאַנער עלסוואָרט, צוויי נאָרוועגישע אָפיצירן — אַמדאַל און לאַרסען, און צוויי דייטשע פּילאָטן — דיטריכסאָן און פּויכט.

אויף שפּיצבערגן האָט מען קוידעם-קאָל אויסגעפּרוּווט די הידראָפּלאַנען, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אַפּאַראַטן פונקציאָנירן אויסגעצייכנט, און זענען צוגעפּאַסט צו אַ פלי דורך די פּאָליאַר-געגנטן.

דעם 21 מאַי 1925 האָבן די ביידע אַפּאַראַטן „נר. 24" און „נר. 25" זיך אויפגעהויבן אין דער לופט און זיך גלייך גע-לאָזט אין דער ריכטונג צו צאָפן.

פון צייט צו צייט פליען די פליער אַריין אין אַ נעפּל אָבער דאָס האָט ווייניק געשטערט, ווייל דער וועג איז דאַ אַמונד-סענען גוט באַקאַנט געווען. און נאָך אַ פּאָר שאָ פליען זיי פון נעפּל אַרויס און קומען אין אַ זוניקער פלאַך.

ווי ווייט דאָס אויג כאַפּט גאָר — שפּרייט זיך אונטער זיי אַ ווייסע בלענדנדיקע ווייסעניש.

— קיין שום שפּור פון אייז־לעכער — טראַכט אַמונדסען, ווי מען זאָל אין אַ נויט זיך קאָנען אַראָפּלאָזן.

דער גאַנצער דערפאַלג הענגט אַלזאָ אָפּ פון די מאָטאָרן. וועלן זיי אויסהאַלטן? וועט קלעקן בענזין?

## מען לאָזט זיך אַראָפּ

דעם 22־סטן מאַי, איינס אַזייגער ביינאַכט, מעלדעט דער פּילאָט פויכט פון ערשטן הידראָפּלאַן אַז אַ העלפט פון ברענשטאָף איז שוין אויסגעברענט.

דאָס הייסט, אַז מען מוז זיך טייקעף אומקערן, וואָרעם — פּליט מען ווייטער, וועט שוין קיין בענזין נישט סטייען אויף צוריקצופליען. אַמונדסען וויל אָבער ווייניקסטנס וויסן, וווּ זיי האַלטן אייגנטלעך און ווי ווייט זיי זענען פון פּאָלוס.

אָבער אינדערלופטן פּינקטלעך צו באַשטימען די לאַגע פון אַן אָרט איז אוממעגלעך, און צוליב דעם מוז מען זיך אַראָפּלאָזן.

און גראָד דערזעען זיי איצט אינטן אַ גאַנץ באַקוועם אייז־לאָך. פרעגט לאַרסען:

— אַראָפּלאָזן זיך?

אַמונדסען איז פאָרזיכטיק. ער געטרויט נישט די אייז־קריעס. זיי האַלטן אין איין רוקן זיך. אין איין רעגע קענען זיי איינקלעמען דעם אַפּאַראַט אַזוי, אַז ער וועט זיך מער נישט קאָנען אויפהייבן אינדערלופטן.

ער הייסט דעריבער מער אַראָפּנידערן. מען זאָל קענען אויסקוקן אַ זיכערן אָרט.

אָבער לאַרסענס מאָטאָר שטעלט זיך פּלוצלונג אָפּ און צוליב דעם איז ער געצוווּנגען זיך אַראָפּצולאָזן אויפן אייז־לאָך, וועלכן אַמונדסען האָט געוואָלט בעסער אויסמיידן.

דאָס אײַז־לאָך איז אַזוי שמאָל, אַז די פֿליגל פֿון עראָפּלאַן גייען אַריבער די ברעגעס, און אין וואַסער טרעפֿן זיך גאַנץ היפּ־שע שטיקער אײַז.

ס'איז נישט קיין לײַכטע זאַך זיך אַראָפּצולאָזן אין אַזאַ אײַז־לאָך. דער פּילאָט דאַרף דאָ אַרויסווײַזן פֿאָרזיכטיקייט און גרויסע בעריעשקייט. נו, און פֿאַרשטייט זיך — אַ גרויסער מוט איז נייטיק דערצו, וואָרעם ס'איז אַ געפֿערלעך שטיקל אַרבעט.

אָבער ס'איז גליקלעך דורכגעגאַנגען. דער אַפּאַראַט „נר. 25" איז שוין אונטן און קיין שאָדן האָט ער נישט געליטן!

די 3 מענער שטײַגן אַרויס פֿון הידראָפּלאַן אויפֿן אײַז, קעדיי זיך אַרומצוקוקן. און זיי איבערצייגן זיך, אַז אַמונדסענס אומצוטרוי צו דעם אײַז־לאָך איז געווען באַרעכטיקט. די אײַז־מאַסן אַרום „לאָך" רוקן זיך אַלץ נענטער צו און באַלד קאָנען זיי אײַנקלעמען דעם אַפּאַראַט און אים צעקוועטשן.

די לאַגע איז געווען אַזוי ערנסט, אַז אַמונדסען און זײַנע צוויי כאַוויירים האָבן שוין געמיינט, אַז דער אַפּאַראַט איז פֿאַר־לוירן און אַז עס וועט זיי אויסקומען צו גיין צוריק צופֿוס. ווו עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן דער צווייטער אַפּאַראַט „נר. 24" האָבן זיי נישט געוווסט, אַ הויכער אײַז־באַרג האָט זיי פֿאַרשטעלט דעם אויסבליק.

ערשט אין אַ טאָג אַרום, האָבן אַמונדסען און לאַרסען פֿונ־ווײַטן דערזען אַ נאָרוועגישע פֿאָן און האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז אין יענעם אָרט האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט די כאַוויירים.

די לאַגע פֿון אַפּאַראַט „נר. 25" איז ערנסט. אַמונדסען, לאַרסען און פֿויכט נעמען זיך ברעכן די אײַז־ווענט, וואָס האָבן זיך שוין צוגערוקט צום סאַמע שפּיץ פֿון אַפּאַראַט. זיי אַרבעטן מיט אַ האַק, מיט אַ מעסער און מיטן אַנקער. און צו זייער פֿאַר־ווּנדערונג מערקן זיי, אַז דאָס אײַז רוקט זיך אַביסל אָפּ. דאָס הייבט דעם מוט און זיי באַשליסן אַרויסצושלעפּן דעם הידראָפּלאַן פֿון לאָך אויפֿן אײַז אַרויף. נאָך לאַנגע אָנשטרענגונגען געלינגט זיי דאָס, אָבער דערבײַ באַמערקן זיי, אַז דער נאָז פֿון אַפּאַראַט איז צעשעדיקט און ס'האָט זיך דאָרט אָנגעקליבן וואַסער. זיי

אַרבעטן אָן אויפהער, פּאָמפּען אויס דאָס וואַסער און באַמיִען זיך אויסצוגלײַכן דאָס אײַז-פעלד, אַז דער אַפּאַראַט זאָל קאָנען זיך אויפהייבן אין דער לופט.

און וואָס הערט זיך דערווײַל מיט די מענטשן פון צווייטן אַעראָפּלאַן ?

זיי האָבן געפּרוווט זיך דורכקלייבן איבער די אײַז-פעלדער צו אַמונדסענען און אים אַרויסהעלפן. זיי טרעפן אָבער אויף אַ פאַרבאָרגענעם שפּאַלט אונטערן שניי. צומדאָל כאַלט אַרײַן אין וואַסער, נאָך אים דיטריכסאָן, און דער שטאַרקער שטראָם שלעפט זיי אַרונטער אונטערן אײַז. עלסוואָרט שפּרינגט גיך צו און עס גיט זיך אים אײַן אַרויסצוציִען דיטריכסאָנען. און וואָס טוט דיטריכסאָן, וואָס איז ערשט געווען אויף אַ האָר פון טויט ? ער וואַרפט זיך גלײַך ווידער אין וואַסער אַרײַן און ראַטעוועט אַרויס אָמדאַלן !

— ס'איז נישט אויסצומאָלן אונדזער פרייד — דערציילט שפּעטער אַמונדסען — ווען עס האָבן זיך הינטער די אײַז-ווענט באַוויזן די קעפּ פון אונדזערע דרײַ כאַווײרים.

## אַ שאַסיי אין אײַז

„נר. 25" איז נאָך אַלץ אין אַ גרויסער געפאַר. ער שטייט בײַם סאַמע ראַנד פון אײַז-לאָך און דאָס אײַז האַלט אין איין רוקן זיך און שפּאַרן. מען מוז אים אומבאַדינגט אַריבערפירן ערגעץ ווײַטער, אויף אַ גלאַטן און זיכערן אײַז-פעלד.

זיי זוכן אויס אַ פּאַסיקן אָרט. אָבער עס ליגט העכער פאַר דעם אָרט, ווו דער אַפּאַראַט שטייט. ווי אַזוי שלעפּט מען אים אַריבער ? נעמען זיי זיך זאַלבעזעקסט צו בויען אין אײַז אַ „שאַסיי", קעדיי דורך אים אַרויפצופירן דעם הידראָפּלאַן אויפן אײַז-פעלד.

זיי לייגן אָן גרויסע שטיקער אײַז, דערנאָך קלענערע, און דאַן ווידער קלענערע — אַקוראַט ווי בײַם בוי פון אַ שאָסיי, און

די שפּאַלטן צווישן די אײַז־שטיקער פּאַרשיטן זיי מיט שניי. און די דאָזיקע אַרבעט פירן זיי דורך אין דער קעלט פון וועסטסטן צאָפן (זיי געפינען זיך אויפן 88־טן גראַד פון דער צאָפנדיקער ברייט — בלויז 2 גראַד פון פּאָליוס). צו נאַכט־צו איז דער שאָסיי פּאַרטיק. זיי לאָזן אין גאַנג דעם מאָטאָר, אָבער ער איז נישט אימשטאַנד אַרויסצושלעפּן דעם הידראָפּלאַן, און אַלע 6 שפּאַנען זיך אײַן און מיט גרויס מי גײט זיך זיי ענדלעך אײַן אַריבערצו־פירן בעטעמלעם דעם אַפּאַראַט אויפן אײַז־פעלד. אַצינד איז ער געראַטעוועט פון דער סאַקאָנע.

אבער בײַם פליִען האַלט עס נאָך נישט.

לאַרטען דערקלערט, אַז קעדיי דער אַפּאַראַט זאָל קאָנען נעמען אַ סטאַרט אינדערלופטן, מוז ער האָבן אַ גלאַטן פּלאַץ פון ווייניקסטנס אַ פּאָר הונדערט מעטער די לענג, און דאָ איז אַרום דעם אַעראָפּלאַן דאָס אײַז צעקרישלט און צעגראָבן. אַזוי, אַז ס'איז ישטאָ וואָס צו קלערן וועגן אויפהייבן זיך.

דאָס אײַז־פעלד אַרום זיי האַלט אין איין באַוועגן זיך. דאָ ברעכן זיך נײַע שפּאַלטן אויף, דאָרטן זינקט אַראָפּ דער שניי — און וויפל זענען דאָ פאַרבאָרגענע לעכער אונטערן שניי, עפּשער דאָ גלײַך אונטער די פיס?

הייבט זיך אָן אַ נײַע אַרבעט. מידע, אויסגעמאַטערטע און אויך אָפּגעשוואַכטע (וואָרעם זיי האָבן שוין געמוזט שטאַרק פאַר־קלענערן זייער טעגלעכע שפּײַז־פּאַרציע), נעמען זיי זיך צו דער שווערער אַרבעט, גלײַך צו מאַכן דעם אײַז־באָדן אַרום הידראָ־פּלאַן אויף אַ פּלאַץ פון 200 מעטער.

דעם 2־טן יוני איז די אַרבעט פאַרטיק.

זיי שטײַגן אײַן אין הידראָפּלאַן, און ווילן פּרוּוון דאָס גליק: עפּשער געלינגט איצט דער סטאַרט. דאָס וועטער איז גראָד ווידער גוט און שיין געוואָרן.

אָבער דאָס איז ווידער שלעכט: ווײַל דאָס וועטער איז גוט געוואָרן און די זון שײַנט, איז דאָס אײַז שוואַך געוואָרן. און אָנ־שטאָט צו הייבן זיך אינדערלופטן, פאַלט דער הידראָפּלאַן צוזאַ־מען מיט די מענטשן אַרײַן אין וואַסער.

ס'ווערט נאַכט און זיי זענען נאָך אַלץ אין וואַסער.

3 אַזייגער בײַנאַכט גיט לאַרסען — ער שטייט הײַנט אויף דער וואַך — אַ סיגנאַל.

— וואָס איז געשען?

לאָזט זיך אויס, אַז דער אַפּאַראַט איז ווידער אײַנגעקלעמט אין אײַז, וואָס איז אָנגעוואָקסן אין דעם נאַכטיקן פראָסט. דער הידראָפּלאַן קנאַקט און ס'דאַכט זיך, אַז אָט־אָט וועט ער צעשאָטן ווערן אויף שטיקער.

זיי גלייבן, אַז דער אַפּאַראַט איז שוין פאַרפאַלן. אין לאָזן זיך ראַטעווען דאָס עסנוואַרג און די זאַכן, וואָס געפינען זיך אין אים.

אָבער צום גליק האָט זיך די סאַקאַנע אַרויסגעוויזן קלענער, ווי זיי האָבן גערעכנט. דער אַפּאַראַט איז אַרויס גאַנץ.

דאָך פון אויפהייבן זיך אינדערלופטן פון דעם אײַז־פעלד, וואָס איז פאַר דער צײַט באַדייטנדיק קלענער געוואָרן, האָט שוין קיין רייד נישט געקענט זײַן. האָבן זיי באַשלאָסן אַריבער־צושלעפּן דעם אַפּאַראַט צום אָרט, ווו ס'האָט זיך געפונען דער „נר. 24״.

און ווידער בויט מען אַ שאָסיי פון 300 מעטער די לענג! און ווידער ווערט צעשטערט זייער אַרבעט, און זיי מוזן זיך שטעלן בויען אויפסנײַ.

דאָ זעען זיי זיך אַרום, אַז דער אַפּאַראַט „נר. 24״ איז שטאַרק צעשעדיקט געוואָרן. ס'איז זיי נישט מעגלעך געווען אַב־סולוט צו געבן אויף ביידע אַפּאַראַטן גלײַכצייטיק. און ווען זיי האָבן געמוזט מיט די לעצטע קויכעס אָפּראַטעווען איינעם פון די אַפּאַראַטן, האָט געטראָפן אַ צאָרע מיטן צווייטן.

די שפּײַז־פּאָרציעס זענען געווען שוין פאַרקלענערט ביז גאָר, און אַלע זענען שוין געווען אויסגעמאַטערט.

באַשליסט מען ביז צום 15־טן יוני זיך נאָך פּרוּוון אויפ־הייבן אינדערלופטן, און אויב ס'ט וועט זיך נישט אײַנגעבן, וועט מען איבערלאָזן די אַפּאַראַטן און זיך לאָזן צופוס צו דער נאָ־ע.טסטער יאַבאָשע.

דיטריכסאָן און לאַרסען לאָזן זיך אַוועק אויף באַרטעס אויס־צופאָרשן די אומגעבונג: צי וועט זיך נישט געפינען ערגעץ־ווו אַ מער־ווייניקער גלאַטער אייז־פעלד? אַזאַ אייז־פעלד האָבן זיי גע־פונען, נאָר אויף אַ קנאַפּן קילאָמעטער פון דעם אָרט ווו ס'האָבן זיך געפונען די הידראָפּלאַנען.

דאַרף מען אַריבערפירן די שווערע אַפּאַראַטן אַ קילאָמע־טער ווייטער.

דאָ הויבט זיך אָן אַ ראַנגלעניש מיט דעם פּאָרעטערישן אייז, אַ קאַמף אויף לעבן און טויט, וואָס האָט נישט זיין גלייכנס אַפילו אין דער געשיכטע פון פּאָלאַר־עקספּעדיציעס. וועלכע איז דאָך אַזוי רייך מיט העראָישע אָנשטרענגונגען, — אַ קאַמף פון ריזן! עפּעס ווי דער אייז־מידבער וואָלט צונויפגענומען אַלע זיינע קויכעס זיי צו פאַרניכטן! אָבער די 6 מענטשן, וואָס זענען פאַר־וואַגלט אין דער דאָזיקער אומענדלעכער אייז־טפיסע, פאַרשפּאַרט הינטער די אומדורכדרינגלעכע אייז־גראַטעס האָבן אָנגעשטרענגט זייער גאַנצן ווילן, זיך נישט צו לאָזן פאַרניכטן!

## דאָס פאַרעטערישע אייז

אויסגעמאַטערט פון וואָכנלאַנגער אָנשטרענגונג, שלעכט־דערנערטע, זאַמלען זיי די לעצטע קרעפטן אַריבערצופירן איין הידראָפּלאַן צום גלאַטן אייז־פעלד, וועלכן זיי האָבן אַ קילאָמע־טער ווייטער געפונען. נאָר דעם הידראָפּלאַן „נר. 25". אויף דעם צווייטן האָבן זיי שוין אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. ער איז שטאַרק צעשעדיקט. און אויב ער וואָלט אַפילו געווען גאַנץ — צוויי אַזוינע שווערע מאַשינעס איבערצושלעפּן איבער אַזאַ שווערן ווייטן וועג, זענען זיי נישט אימשטאַנד.

זיי נעמען זיך גאַנץ פרי צו דער אַרבעט, און ביינאַכט האַלטן זיי ערשט אויף אַ האַלבן וועג. אויסגעמאַטערטע, לייגן זיי זיך שלאָפן אין זייערע שלאָף־זעק, און נאָר איינער בלייבט אויף דער וואַך. אינמיטן נאַכט — אַן אַלאַרם־סיגנאַל: דאָס אייז האָט

זיך גענומען רוקן, און פאַרן סאַמע נאָז פון הידראָפּלאַן איז אויס, געוואַקסן אַ ריזיקער אײַז־באַרג.

זיי פאַרגעסן אין זייער מידקייט — זיי נעמען זיך ווידער שלעפּן דעם אַפּאַראַט אָן אַן אָפּרו, ביז זיי פירן אים ענדלעך אַרויס פון דער געפאַר. אָבער אויך דאַן קאָן מען נישט קלערן וועגן איבערכאַפּן דעם אָטעם: דאָס אײַז אַרום האַלט אין איין רוקן זיך, מען מוז פאַר יעדן פּרייז אַרויפשלעפּן דעם אַפּאַראַט אויף דעם הויכן אײַז־פעלד, פון וועלכן ער זאָל קענען סטאַרטן. עס קומט זיי אויס אויסצוהאַקן אַ טונעל אין אַ דיקער אײַז־וואַנט, אין בויען פון אײַז אַ בריק איבער אַ וואַסער־קאַנאַל.

און עס געלינגט! דער הידראָפּלאַן שטייט ענדלעך אויף דעם הויכן אײַז־פעלד.

איז שוין איצט אַלץ גוט? ניין, אַ נײַ אומגליק!

דאָס אײַז־פעלד האָט זיי פאַראַטן. ווען דיטריכסאָן מיט לאַרסענען האָבן אים אויסגעפאָרשט, האָט עס אויסגעוויזן צו זײַן אַ זיכערע, פעסטע און איינהייטלעכע אײַז־פלאַך. איצט זעען זיי אַן אַנדער בילד. דאָס אײַז־פעלד באַשטייט פון באַזונדערע אײַז־שטיקער מיט שפּאַלטן דערצווישן. אַרויפפליִען פון אַזאַ פלאַך װעט נישט מעגלעך זײַן.

נעמען זיך די לײַט צו אַ נײַער אַרבעט — אויסצוגלעטן דעם פלאַך, פאַרשיטנדיק די שפּאַלטן מיט שניי אויף אַ פלאַך פון 500 מעטער!

אויך דאָס ווערט דורכגעפירט.

אָבער דער אײַז־מידבר האָט פאַר זיי צוגעגרייט אַ נײַעם קלאַפּ.

דאָס אײַז פלאַצט פּלוצלונג אין עטלעכע ערטער און דאָס װאַסער פאַרפלייצט אַ דריטל פון דעם אויסגעגלײַכטן פלאַך.

— גלײַך אָפּפליִען! קאָמאַנדירט אַמונדסען. װאָרעם אויב מ׳וואַרט נאָך, קאָן דאָס וואַסער דאָס גאַנצע ווערק צונישט מאַכן.

וועט דאָס געלינגען? קעדיי לײַכטער צו מאַכן דעם אויפ־הייב פאַרן אַפּאַראַט, הייבן זיי אָן אַרויסצוואַרפן אַלץ, וואָס עס

לאָזט זיך נאָר: די גליטשערס, די ביקסן, די שלעפ־שיפלעך, דער פאָטאָגראַפישן אפאראט און אפילע א טייל עסנווארג.

איצט זעצט זיך לארסען צום מאָטאָר און פּרוּווט דעם סטארט. דער פּרוּוו גיט זיך נישט איין. דער פלאַץ איז נישט גע־נוג גלאט. דער אפאראט זאָל אליין פון זיך, זיך קאָנען אויפהייבן. און קיין ווינט איז נישטאָ! נאָר דער ווינט וואָלט איצט העלפן געקאָנט.

ס'איז שוין דער 16־טער יוני.

די טעמפעראטור פאלט, און זיי גלייבן שוין נישט אין גליק. אָבער — אָט נעמט בלאָזן א לייכטער דאָרעם־מיזרעכדיקער ווינט. א ווינט, וואָס וועט העלפן דעם הידראָפּלאַן זיך אויפצוהייבן אינ־דערלופטן.

וועט אָבער דער פלאַץ, וואָס איז שוין מער ווי א העלפט פארפלייצט פון וואַסער, גענוגן פארן סטארט?

זיי פּרוּוון! דער אפאראט גליטשט זיך איבערן פלאַץ. אָט־אָט איז ער שוין ביים עק פון אייז... און פלוצלונג, ביים סאמע עק, גיט ער זיך א הייב אויף, און הילכיק צעזינגען זיך די מאָ־טאָרן!

זיי זענען אינדערלופטן! ארויס פון דער אייז־טפיסע!

## מענטשן בויען — די נאַטור צעשטערט

די אַרבעט געדויערט, וואָרעם זי ווערט אויסגעפירט ביי די שווערסטע באַדינגונגען, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן. דאָס וועטער איז שלעכט. זאַווערוכעס פאַרבלענדן די אויגן און פאַר־כאַפּן דעם אָטעם. די קעלט מאַכט שטייף די גלידער, אויסערדעם האָבן זיי נישט קיין געצייג, און עס קומט זיי אויס צו אַקערן דעם באָדן מיט די נאַקעטע הענט. אָבער די מענטשן האָבן אַ שטאָלענעם ווילן, וואָס לאָזט זיך נישט בייגן און אַ מוט, וואָס קוקט רויק דעם טויט אין פּאָנעם אַריין.

זיי טראַכטן איצט נישט וועגן די אַלע געפאַרן, וואָס וואַרטן

אויף זיי אינדערלופטן — די ווינטן, נעפּלען און אַנדערע צופאַלן וואָס קאָנען צעשעדיקן דעם מאָטאָר. זיי זענען פאַרשיקערט פון דעם טריומף.

און גלײַך נעמט אַ סאָך צו די הונגער־פּאָרציעס! מען כאַפּט זיך צו צו די ביסקוויטן און צום שאָקאָלאַד, מען פאַרגינט זיך איצט גוט אָפּצועסן.

דער אַפּאַראַט פליט גיך. וועט דער מאָטאָר פונקציאָנירן גוט ביזן סאָף? וועט קלעקן ברענשטאָף ביז שפּיצבערגען?

עס פאַלט צו אַ נעפּל און לאַרסען איז געצוווּנגען אַראָפּצונידערן ביז 10 מעטער איבער די אײַז־פעלדער. טאָמער געשעט עפּעס מיטן אַפּאַראַט און מען וועט מוזן זיך ווידער אַראָפּלאָזן, זאָל מען עס נישט טון בלינדערהייט.

אָבער טאָמער באַווײַזן זיך הינטער די אײַז־פעלדער די בערג פון שפּיצבערגען און מען וועט נישט באַצײַטנס באַווײַזן זיך ארויפצוהייבן, קען דער אַפּאַראַט צעשמעטערט ווערן אין די פעלדזן, אָבער —

לאַרסען זיצט בײַם מאָטאָר, און מען קאָן זיך פאַרלאָזן אויף אים. ער גיט אכטונג, ער פירט זיכער, און דער מאָטאָר איז אַ פאָלגזאַם ווערקצײַג אין זײַנע הענט. ווען די בערג־שפּיצן ארום דעם לאַנג־דערוואַרטעטן שפּיצבערגען שווימען ארויס פון נעפּל, איז דער אַפּאַראַט שוין הויך, גאַנץ הויך.

נעבן ברעג איז אָפענער יאַם. הויכע כוואַליעס שלאָגן אין ברעג, און אַראָפּצוזעצן דעם הידראָפּלאַן אויף אַזוינע כוואַליעס איז געפערלעך. מען דאַרף זוכן אַ בעסער אָרט. אָבער דאָ באַמערקט לאַרסען, אַז די האָריזאָנטאַלע רודערס אַרבעטן נישט ריכטיק. קומט אויס, זיך פאָרזיכטיק און פּאַמעלעך אַראָפּצולאָזן.

אַראָפּגעלאָזט זיך! אָבער די כוואַליעס פאַרגיסן דעם נאָז פון הידראָפּלאַן. אַלע באַווײַזן צו ראַטעווען זיך אין הינטערטייל פון אַפּאַראַט. נאָר לאַרסן, בײַם מאָטאָר, מוז זיך באָדן אין אײַז־וואַסער. נאָר דאָס איז שוין געווען דער לעצטער פּרוּוו און עס האָט זיי אָפּגעגליקט. גראָד איז בײַם סאַמע ראַנד פון דער אײַז-

וויסטעניש געשטאנען א פאנג-שיף „סיעליוו”, און באלד זענען זיי אלע אויפן באָרט פון דער שיף.

דעם 19-טן יוני איז די גאנצע עקספעדיציע צוריקגעקומען קיין קינגסביי (אויף שפיצבערגען).

די, וואָס זענען בייגעווען ביים אפפלי פון אמינדסענס עקספעדיציע צום פאליוס און האָבן אים און זיינע באגלייטערס געזען ביים צוריקקומען, נאָך זייער 3 וואָכיקער רייזע, האבן זיי ניט דערקאָנט — אזוי אויסגעמאטערט און אויסגעמאָגערט האבן זיי איצט אויסגעזען.

אבער דער טאָג פון זיין אנקום קיין אָסלאָ (די הויפטשטאָט פון נאָרוועגיע) איז געווען א טריומף.

די גאנצע שטאָט איז ארויס צו באגעגענען אמינדסענען און זיינע מוטיקע באגלייטערס. ספעציעלע צוגן און שיפן האבן געבראכט גרויסע מענטשן-מאסן פון גאנצן לאנד. אין דער לופט האבן געשוועבט הונדערטער אעראָפלאנען. אפילו די ווייסלענדישע שיפן האָבן ארויסגעהאנגען פענער און אָפגעגעבן סאלוועס פאר דעם העלד. די נאָרוועגישע רעגירונג האט באלוינט אמונדסענען מיט דער העכסטער אויסצייכענונג פון לאנד, מיט דעם אָרדען „פאר בירגערלעכע אויפטוען”.

## אמונדסען וויל נאך ווייטער

דער איינדרוק, וואָס די עקספעדיציע האָט געמאַכט אין דער וועלט, איז געווען געוואַלטיק גרויס.

כאָטש אַמונדסען איז נאָך אַלץ צום פאָליוס נישט צוגעקומען, איז עס נאָר געווען אַ פראַגע פון טעכנישער צוגרייטונג. די הויפט-זאַך איז געווען דערגרייכט — אַמונדסען האָט באַוויזן, אַז מ'קען מיטן לופט-וועג זיך לאָזן צום פאָליוס און צוריקקומען פון דאָרטן, און אַ דאַנק די פראַקטישע דערפאַרונגען, וועלכע אַמונדסען האָט געבראַכט פון יענע אומבאַקאַנטע געגנטן, האָט מען שוין געוווּסט וועגן די שווערקייטן, וועלכע מען האָט דאָרטן ביצוקומען. און ביי אַ טעכנישער גע-

העריקער צוגרייטונג, איז די דערגרייכונג פון פּאָליוס געוואָרן אַ דורכויס מעגלעכע זאַך.

אונטער דעם איינדרוק פון אַמונדסענס דערפאָלג, האָט זיך אומעטום געוועקט דער ווילן צו פליִען צום פּאָליוס. פּלי-עקספּעדיציעס זענען פּראָיעקטירט געוואָרן אין ענגלאַנד, דייטש-לאַנד, אַמעריקע, יאַפּאַניע און אין אַנדערע לענדער. אויך אַמונדסען פּראָיעקטירט ווידער אַן עקספּעדיציע. אָבער דער פּאָליוס איז נאָר אַן עטאַפּ, אויפן וועג, וועלכן ער פאַרמעסט זיך צו גיין.

זינט נאַנסענען, פּערי און אַמונדסענס עקספּעדיציעס צום פּאָליוס, איז די פראַגע פאַר דער וויסנשאַפט שוין געלייזט גע-וואָרן. מען ווייס, אַז דער פּאָליוס ליגט אין אייביקן אייז פון אָקעאַן. צי וועט דער דאָזיקער געהיימעניספולער פּונקט פון ערד-קויל, דערגרייכט ווערן צי נישט, צי וועט דער מענטש שטעלן זיין פוס אויפן פּאָליוס, אין אַ לופט-מאַשין שוועבן איבער אים, אָדער נישט — האָט שוין פאַר דער וויסנשאַפט קיין באַדייטונג נישט. די דערגרייכונג פון פּאָליוס איז איצט שוין בלויז אַ טרוים פאַר ספּאָרט-לייט, פאַר מענטשן, וואָס יאָגן זיך נאָך רע-קאָרדן, אָבער נישט פאַר וויסנשאַפטלעכע פאָרשער, וואָס זענען אויסן מיט זייערע טאַטן צו דינען דער וויסנשאַפט און דער מענטשהייט.

אַמונדסען וויל איצט צוגרייטן אַ פלי-עקספּעדיציע איבער דעם פּאָליוס קיין אַמעריקע! ער וויל אַריינדרינגען אין דער פאַרשלאָסענער, אומבאַקאַנטער וועלט, וואָס ליגט פון יענער זייט פּאָליוס.

וועגן יענע אומגעהייערע ווייטענישן ווייסט די וויסנשאַפט נאָך גאָרנישט. צוויי מיינונגען זענען פאַראַן וועגן יענעם אומ-צוטריטלעכן געביט. איין מיינונג איז, אַז דאָרטן שפּרייט זיך נאָך דער צאָפנדיקער אייז-אָקעאַן — און עס איז דערוועלביקער אומענדלעכער אייז-מידבער — די אַנדערע מיינונג האַלט, אַז אין די ווייטענישן צווישן פּאָליוס און אַמעריקע איז דאָ אַן אומ-

באַקאַנטער קאָנטינענט און ס'געפינען זיך דאָרטן גרייַלעך לע־בעדיקע באַשעפעניש.

וועלכע מיינונג איז די ריכטיקע? דערגיין קאָן מען עס נאָר דורך פּראַקטישע באָאַבאַכטונגען, און אַמונדסען וויל איצט די דאָזיקע וויסנשאַפטלעכע פראַגע לייזן.

איבער דעם פּאָליוס איז לייַכטער צוצוקומען צו יענע ווייַטענישן, ווי דורך אַמעריקע. דעריבער וויל אַמונדסען פירן זייַן עקספּעדיציע איבערן פּאָליוס. אָבער נאָך אַ גרעסערן ציל שטעלט ער זיך דערביי — אויספאָרשן צי עס איז מעגלעך אַ פאַרבינדונג־וועג צווישן אייראָפּע און אַמעריקע איבערן אייַז־אָקעאַן.

אַ וועג איבערן צאָפנדיקן אייַז־אָקעאַן! — געאָגראַפיש וואָלט אַזאַ וועג געדאַרפט זייַן דער קירצסטער און דער גיכסטער, און ס'איז מעגלעך, אַז מען וועט אין דער צוקונפט דעם דאָזיקן וועג קענען באַנוצן, אַלס שטענדיקע פאַרבינדונג — דאָס איז געווען אַמונדסענס געדאַנק.

## אַמונדסען גרייט די עקספּעדיציע

דער גרויסער און שווערער ציל פאָדערט אַ דורכגעטראַכטע צוגרייטונג פון די מיטלען. אין דער ערשטער ריי שטייט די פראַגע פון אַפּאַראַט. נאָך גרינטלעכער באַטראַכטונג פון דער פראַגע באַשליסט אַמונדסען, אַז ער וועט פליִען אין אַ לופט־שיף (אַ דיריזשאַבל). די פּראַקטיק פון דער ערשטער פלי־עקספּעדיציע, האָט אים באַוויזן, אַז אַראָפּלאָזן זיך מיטן אַעראָפּלאַן אויף דעם פּאָליאַר־אייַז איז נישט מעגלעך, אָדער יעדנפאַלס אַזוי ריזיקאַליש, אַז מע מוז זיך דערפון אָפּזאָגן. אויב ס'איז אַלזאָ נישטאָ קיין אויסזיכט, אַז מען זאָל זיך אַראָפּלאָזן, און פאַרבלייבן אַ שטיקל צייט אויף דעם אייַז, איז צוועקלאָז צו באַנוצן זיך מיט הידראָפּלאַנען.

און צוגעפּאַסטער איז אַ לופט־שיף.

ערשטנס קאָן אַ לופט־שיף שטיין אינדערלופטן אויף איין

אָרט, אומבאַוועגלעך. דאָס גיט דער מאַנשאַפט די מעגלעכקייט צו מאַכן אויספאָרשונגען, פאָטאָגראַפיעס און אויסמעסטונגען. צווייטנס, קאָן מען מיט איר דורכפירן ווייטערע רייזעס. און דריטנס, קאָן מען אין אַ לופט־שיף מיטנעמען אַ גרעסערע מאַנשאַפט און מער באַגאַזש.

ווי נאָר אַמונדסען האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן פּלאַן צו פליִען אין אַ לופט־שיף, האָט זיך געשטעלט פאַר אים די אויפגאַבע צו קריגן געלט פאַר דער עקספּעדיציע, און איינצושאַפן זיך אַ פּאַסיקן אַפּאַראַט.

דאָס געלט האָט ער גיך געקריגן. דער אַמעריקאַנער עלסוואָרט איז ווידער געקומען צו הילף, געבנדיק אויף דער עקספּעדיציע הונדערט טויזנט דאָלאַר. דאָס איבעריקע געלט איז געשאַפן געוואָרן אין נאָרוועגיע און צווישן די נאָרוועגער אין אַמעריקע.

שווערער איז געווען אויסצוגעפינען אַ לופט־שיף, וואָס זאָל זיין גוט צוגעפּאַסט צו אַ לענגערן פלי איבער די פּאָליאַרלענדער. צו דעם צוועק האָט אַמונדסען געמאַכט אַ רייזע איבער אַמעריקע און איירָאָפּע.

ענדלעך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ טיפּ פון אַ לופט־שיף, וועלכע איז דאַן געבויט געוואָרן אין די איטאַליענישע פאַבריקן. מיט די דאָזיקע פאַבריקן האָט דעמאָלט אָנגעפירט דער אינזשינער־דערפינדער אומבערטאָ נאָבילע. אין יענער צייט איז נאָבילע געווען ווייניק באַקאַנט אַפילו אין אייגענעם לאַנד. ער איז געווען אַ דערפינדער, און האָט געבויט לופטשיפן לויט זיין אייגענער קאָנסטרוקציע, וואָס האָבן זיך אונטערשיידט פון אַנדערע טיפן לופט־שיפן.

אַמונדסען האָט אויסגעקליבן אַ לופט־שיף, וועלכע איז אָקאָרשט פאַרטיק געוואָרן און אין וועלכער מען האָט שוין געהאַט דורכגעפירט עטלעכע געלונגענע פלי־פּרוּוון איבער איטאַליע. די לופט־שיף האָט מען אַ נאָמען געגעבן „נאָרגע“, וואָס הייסט אין נאָרוועגיש — „נאָרוועגיע“.

די איטאַליענישע רעגירונג האָט אָפּגעטראָטן אַמונדסענען

די לופט־שיף פאַר העלפט געלט, האָט אָבער אויסגענומען, אַז קאָמאַנדיר זאָל זיין נאָבילע, אַז אַ טייל פון דער מאַנשאַפט זאָל באַשטיין פון איטאַליענער, און אַז ביים פּאָליוס זאָל אַראָפּגע־לאָזן ווערן די איטאַליענישע פאָן צוזאַמען מיט דער נאָרוועגי־שער און דער אַמעריקאַנישער.

עס האָט זיך געשטעלט נאָך די פראַגע, ווי אַזוי אַריבער־צופירן די ריזיקע לופט־מאַשין קיין שפּיצבערגען, דעם סטאַרט־פּונקט פון דער עקספּעדיציע. אָבער נאָבילע האָט נעמאָלדן, אַז ער וועט קומען פון רוים קיין שפּיצבערגען אין דער לופט־שיף טאַקע ד. ה. ער וועט דורכפליִען אַ וועג פון אַ 8000 קילאָמע־טער! „דאָס וועט דיינען אַלס עקזאַמען — האָט ער געזאָגט — צי טויג די „נאָרגע" [illegible] געפערלעכן איבערפלי איבערן פּאָליוס".

## פון רוים ביז לענינגראַד

דעם סטאַרט פון דער עקספּעדיציע איבערן פּאָליוס קיין אַמעריקע האָט אַמונדסען באַשטימט אויף דער ערשטער העלפט מאַי, ווייל לויט זיינע דערפאַרונגען איז אין דער צייט אין פּאָליאַר־געביט דער שטילסטער וועטער.

ער איז מיט אַ נאָרוועגישער שיף אַרויסגעפאָרן קיין שפּיצ־בערגען מיט עטלעכע מאָנאַטן פריִער, צוצוגרייטן דאָרט אַלע נויטיקע איינאָרדענונגען פאַר דעם אָנקום פון דער „נאָרגע". צוויי נאָרוועגישע אינזשעניערן, וואָס האָבן אים באַגלייט, האָבן זיך גענומען בויען אַן עלינג (אַ רעמיזע פאַר לופט־שיפן).

נאָבילע האָט מיט דער „נאָרגע" געדאַרפט אַרויספליִען פון רוים קיין שפּיצבערגען אין אַפּריל לויט דעם מאַרשרוט: רוים—פּאַריזש—פּולהעם (ענגלאַנד), לענינגראַד—שפּיצבערגען.

די „נאָרגע" האָט דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטן גלענצנדיק דעם 10־טן אַפּריל 1926 איז זי אַרויסגעפלויגן פון קליינעם אי־טאַליענישן שטעטעלע טשאַמפּינאָ, גרויסאַרטיק דורכגעשוועבט אי־בערן אַלטן רוים און איז אַוועק ווייטער מיטן איטאַליענישן ברעג

אין דער ריכטונג קיין פראנקרײַך, אריבערגעפלויגן איבער באָרדאָ, דורכגעשוועבט איבער פאריז, אריבער איבער דעם קאנאל, אין איז שוין געפלויגן הויך איבער לאָנדאָן קיין צאָפן־ענגלאנד, צום קליינעם שטעטעלע פולהעם, ווו ס׳איז פאראן א לופט־האפן, ד. ה. אלע אײַנאָרדענונגען, וואָס זענען נייטיק צום אויפנעמען און באשיצן א גרויסע לופט־שיף.

פולהעם איז געווען דאָס ערשטע אָפּשטעל־אָרט אויפן מארשרוט, דאָרטן איז די „נאָרגע" געשטאנען 48 שאָ. פאר דער דאָזיקער צײַט האָט די עקספּעדיציע אײַנגעשטעלט א ראדיאָ־טעלעגראפישע פארבינדונג מיט נאָרוועגיע, שוועדן און ראטן־פארבאנד.

פון פולהעם האָט די „נאָרגע" גענומען דעם לופט־וועג קיין אָסלאָ און פון דאָרטן צו דער קליינער ראטן־רוסלענדישער סטאציע מאליזי נעבן לענינגראַד, ווו ס׳איז פאר איר רעמאָנטירט און צוגעגרייט געוואָרן דער דאָרטיקער גרויסער „עלינג" *). דער וועג פון אָסלאָ קיין מאליזי איז געווען דער שווערסטער טייל פון דער רייזע. איבערן באלטישן יאם איז די „נאָרגע" ארײַנגעפאלן אין אזא געדיכטן און מילכיקן נעפל, אז זי האָט פארלוירן דעם וועג.

א לאנגע צײַט האָבן זיי אזוי געשוועבט, נישט וויסנדיק, צי זיי געפינען זיך איבער פינלאנד אָדער עסטלאנד. פליענדיק איבער עפּעס א דערפל, האָבן זיי ארויפגעלאָזט צעטעלעך געשריבענע אויף רוסיש. אין די צעטלעך האָבן זיי געבעטן די אײַנוווינער אויפצוהייבן די הענט ארויף־צו, אויב דאָס דערפל איז א פינלענדיש, און אויסשטרעקן די הענט אין די זײַטן, אויב דאָס דאָרף איז אן עסטלענדיש. נאָר טראָץ דעם וואָס זיי האָבן לאנג געשוועבט איבערן דאָרף, האָבן זיי קיין ענטפער נישט באקומען.

ענדלעך זענען זיי אריבערגעפלויגן איבער א שטעטל און לארסענען־איז געלונגען דורך דעם שפאקטיוו איבערצולייענען דעם נאָמען פון דער אײַזנבאן־סטאציע. עס איז געווען א קליינע סטאציע אויף דער גרענעץ צווישן לעטלאנד און עסטלאנד. מיט

*) דער עלינג בײַ מאליזי איז דער סאמע צאַזנדיקער פון אײראָפּע.

דער הילף פון א געאָגראַפישער מאפע, האָבן זיי זיך געקענט איצט אָריענטירן אין וועג און גענומען דעם קורס אויף מאליזי. אַנשטאָט אינדערפרי זענען זיי ערשט אינאָוונט אָנגעקומען אהין. דאָרט האָט געוואַרט אויף זיי א רוסישע פּילאָטן־גרופּע און זיי געהאָלפן בײַם אראָפּלאָזן זיך אין עלינג אַרײַן. דער איבערפלי פון אָסלאָ ביז מאליזי האָט געדויערט 19 שאָ.

אין ראטן־רוסלאנד האָט מען זיך באַזונדערש שטארק אינ־טערעסירט מיט דער עקספּעדיציע איבערן פּאָליוס, ווארן דער צאָפּנדיקער טייל פון רוסלאנד געפינט זיך שוין אין פּאָלאַר־גע־ביט, און די אידייע פון א פּאָלארער פארבינדונג מיט אמעריקע, באַשעפטיקט אַלץ מער און מער די ראטן־רעגירונג. אין מאליזי איז די „נאָרגע" פארבליבן עטלעכע טעג, און פון אַלעמען גע־וואָרן זייער ווארעם אויפגענומען.

די ראטן־מאכט האָט אויך געפּויעלט, אז א רוסישער קאָ־רעספּאָנדענט זאָל מיטפליִען ביז שפּיצבערגען, און דאָס, וואָס ווערט דאָ ווײַטער דערציילט וועגן דער עקספּעדיציע, פארדאנקען מיר צום גרויסן טייל זײַן רעפּאָרטאַזש.

פון לענינגראד קײַן שפּיצבערגען איז א ווײַטער און אויך געפערלעכער וועג: א היפּשן טייל פון דעם וועג וועט זיי אויס־קומען צו פליִען איבער דעם אײַז־אָקעאַן.

אין וואַרדזע (אין נאָרוועגיע) בײַם ברעג פון אײַז־אָקעאַן ווערט צוגעגרייט א מאַסט, צו וועלכן די „נאָרגע" זאָל קאָנען צושטיין, איידער זי לאָזט זיך איבערן אָקעאַן.

ביז עס וועט אָנקומען די ידיעה, אז וואַרדזע איז גרייט אויפצונעמען די עקספּעדיציע, בלײַבט די „נאָרגע" אין עלינג פון מאליזי. די מאנשאפט קען דערווײַל זיך א ביסל אָפּרוען פון דעם לאַנגן איבערפלי און באַקוקן לענינגראד.

קײַן מאליזי קומען פון נאָענט און ווײַט מענטשן צו זען די „נאָרגע", אין גרויסע מענגעס שטייען זיי בײַם עלינג, און באַטראַכטן די לופט־שיף. וואָס קלייבט זיך אין אזא ווײַטן און געפערלעכן וועג אַרײַן. און זיי האַלטן זיך מיט א באַוווּנדערונג־ווערטער דיסציפּלינירטקייט.

אין לענינגראד ווערן די אָנטיילנעמער פון דער עקספע־דיציע זייער הארציק אויפגענומען. די געאָגראפישע געזעלשאפט אָרדנט איין פאר זיי א באנקעט, און די פרעמדע זעען דאָ א בילד, וואָס זיי האָבן נאָך אין ערגעץ נישט געטראָפן. צווישן די באטייליקטע אין באנקעט איז דאָ א גרויסע צאָל ארבעטער, פראָ־לעטאריער! און זיי ווייזן ארויס נישט נאָר אינטערעס צו דער עקספעדיציע, נאָר אויך באהאווונטקייט אין די פראָבלעמען פון דער פּאָליאר־פאָרשונג!

דאָס איז געווען א נייע און שטארקע איבערלעבונג פאר א סאך טיילנעמער פון דער עקספּעדיציע.

## פון לענינגראד צום צאָפן־אָקעאַן

פון ווארדזע האָט מען צו וויסן געגעבן אז אלץ איז גרייט, און די „נאָרגע" האָט זיך גלייך געלאָזט אין וועג אריין.

זי האָט אריבערגעשוועבט לענינגראד, ווו אן אומגעהיירער אוילעם האָט זי באגלייט מיט באגייסטערטע אויסרופן און הייסע גליק־ווונטשן, און א שאָ שפּעטער איז זי שוין געפלויגן איבער דער מאיעסטעטישער לאדאָגע־אָזיערע, וואָס איז גרויס ווי א יאם.

די ראדיאָ־סטאציע פון פעטראָזאוואָדסק האָט זיי געמאָלדן, אז הינטער דער לאדאָגע־אָזיערע קלייבט זיך א שטורעם. אין טא־קע האָט הינטער דער אָזיערע זיי אָנגעיאָגט א געוואלטיקער שטורעם, און געוואָרפן די שיף ארויף און אראָפּ, ווי אויף צע־בושעוועטע כוואליעס פון יאם.

לאנג האָט געדויערט דער שטורעם. די שיף האָט אזוי זיך געריסן, געציטערט פון די לופט־שטויסן, אז עס האָט זיך גע־דאכט, אז זי וועט עס נישט אויסהאלטן.

א שטורעם איז פאר א לופט־שיף געפערלעכער, ווי פאר אן אעראָפּלאַן, ווייל אן אעראָפּלאן קאָן זיך לייכט אראָפּלאָזן אויף דער ערד, ביי דער ערשטער מעגלעכקייט. פאר א לופט־שיף איז דאָס אָבער אוממעגלעך. צו קענען זיך אראָפּלאָזן, מוז זי האָבן

אין עליגג, אָדער א מאסט, און צו דעם נאָך א הונדערט מענטשן, וואָס זאָלן פון דרויסן באהילפיק זיין, איינצוהאלטן זי.

דאָס איינציקע, וואָס דער דיריזשאבל קאָן טאָן אין א שטו-רעם איז, אָדער זיך לאָזן טראָגן פון ווינט, אָדער זיך אויפהייבן אין העכערע לופט-שיכטן, אין וועלכע דער ווינט הערשט נישט מער. אָבער קעדיי אויפצוהייבן זיך אויף זייער א גרויסער הייך דארף מען אויסגיסן א סאך בענזין פון די קאַנען, און אויף דעם האָט נאָביילע זיך נישט געוואָלט אנטשליסן. ער האָט געוויזט שפּאָרן דעם בענזין פאר דעם פלי איבערן אָקעאן. צום גליק האָט די „נאָרגע" געקאָנט לייכטער אויסהאלטן דעם שטורעם, ווי אן אנדער לופט-שיף, ווייל זי איז געבויט געווען האלב-הארט, ד. ה. אלע טיילן אירע זענען געווען אויף שארנירן, און האָבן זיך דע-ריבער געקאָנט בייגן.

דער שטורעם האָט אוועקגעשלעפּט די „נאָרגע" היפּש ווייט פון איר באשטימטן וועג. ווען ער האָט זיך נאָך 4 שעה איינגע-שטילט, האָט די שיף ווידער געקאָנט פליען פאָרויס, אָבער דער קעגנווינט איז נאָך געווען שארף, און די „נאָרגע" האָט זיך בא-וועגט דעריבער נאָר מיט א געשווינדקייט פון א 50 קילאָמעטער א שעה.

צענדליקער שעה איז די „נאָרגע" געפלויגן איבער דעם ווילדן צאָפן-ראנד פון ראטן-פארבאנד. ווי ווייט דאָס אויג האָט געכאפּט — האָבן זיך געצויגן וועלדער און צווישן זיי פארפרוי-רענע אָזיערעס. ווו נישט ווו נאָר א היפּל כאטעס. די נאכט איז געווען שרעקלעך קאלט, און די פליער האָבן געפרוירן אין זיי-ערע לייכטע קאָסטיומען. לייגן זיך שלאָפן אויף די אומבאקוועמע שמאָלע געלעגערס האָט ביי דער קעלט קיינער אפילו נישט גע-טראכט.

באגינען האָט זיך די „נאָרגע" שוין דערנענטערט צום צאָפנדיקן אָקעאן. אונטן האָט זיך געשפּרייט דער וואראנגער פיאָרד. מען האָט זיך שוין געפונען איבער נאָרוועגישער ערד, און באלד האָט אויך אויפגעטויכט דער גרינער מאסט אין שטעטעלע וואַרדזע.

נאָבילע דרייט אויס די נאָז פון לופטשיף אראָפּ=צו און הויבט אן אראָפּצונידערן צום מאסט. עס איז זייער שווער צו כאַפּן די גענויע ריכטונג און צו לאַווירן אינדערלופטן אזוי, אז דער ווינט זאָל די שיף נישט א שטויס טון קעגן די אייזערנע סלופּעס פון מאסט. נאָך צוויי שעה פּאָרזיכטיקן מאנעווורירן אין דער לופט, געלינגט עס אים צוצושטיין, און די „נאָרגע" ווערט צוגעבונדן צום מאסט.

די ראדיא=סטאציעס מעלדן א גוט וועטער און א גינסטיקן ווינט פאר דעם פלי איבערן אייז=אָקעאן.

אויך פון אמונדסענען קומט א מעלדונג פון שפּיצבערגען, אז דער עלינג פאר דער „נאָרגע" איז שוין פאַרטיק, און אלץ איז גרייט צו דער עקספּעדיציע. נאָבילע באשליסט אויסצונוצן דעם גינסטיקן ווינט און זיך וואָס גיכער לאָזן אין וועג אריין.

דאס אָפּרייסן זיך פון מאסט איז דורכגעגאנגען גלאט און געשווינד און אין עטלעכע מינוטן ארום — שפּאנט שוין די „נאָרגע" מיט א געשווינדיקייט פון 80 *) קילאָמעטער, הויך איבער די שווארצע, צעבושעוועטע כוואליעס פון אייז=אָקעאן.

## קיין שפּיצבערגען

דער ווינט בלאָזט דורכאנאנד אין דער געוווּנטשענער ריכטונג, דאָס וועטער איז גוט. די זון האט זיך באהאלטן הינטער א לייכטן נעפּל, און דאס איז גינסטיק, ווארעם די זונשטראלן ווירקן אויפן גאז, און אין א זוניקן וועטער פארלירט די לופט=שיף א געוויסן פּראָצענט פון איר אויפהויב=קראפט. דער נעפּל זאל נאר נישט ברענגען קיין רעגן אדער שניי! אבער דערווייל גייט אלץ גוט אין די מעטעאראלישע באריכטן זענען באַרויִקנדיקע.

*) א דאנק די לעצטע טעכנישע פּאָרשריטן, קען מען איצט דערגרייכן א סאך א גרעסערע געשווינדיקייט.

די גאנצע מאנשאפט איז אזוי אויסגעמאטערט פון דער 2־וואָכעדיקער לופט־רייזע, אז יעדער טראכט איצט נאר ערגעץ זיך אנצושפארן און צו כאפן א דרימל.

און דערביי פליט מען דאָך איבער דעם איין־אקעאן, דעם געפערלעכסטן טייל פון דער רייזע, ווו עס לויערן אזוי פיל גע־פארן! א הייפל מענטשן ערגעץ אין דער הויך, אפגעצוימט נאר מיט דינע לייוונט־ווענטלעך פון דעם לופט־יאַם ארום זיי, פון דעם וואסער אונטער זיי! אין ווייטענישן אומבאקאנטע און פיינדלעכע, ווו א מענטש איז נאָך קיינמאל נישט אריינגעדרונגען!

די מענטשן אין לופט־שיף דרימלען, ווי זיי וואלטן זיך געפונען איצט אין א זיכערן וואגאָן פון אן איזנבאן. און אויך נאָבילע, דער קאפיטאן, איז רויק. ער טראכט אליין איצט וועגן אפרוען, א שא זיך אויסשלאפן נאך די אנשטרענגונגען און גיט איבער די אויפזיכט איבער דער שיף לארסענען.

עס באוועגן זיך גלייכמעסיק די האָריזאנטאל־רודערס, דער ווינט טראגט די „נארגע“ אויף זיינע פליגל, און - אַלץ אין דער קאַיוטע דרימלט. נאר מאַלמגרען שטייט אומדערמידלעך ביי דער וואנט און צייכנט אויף מאפעס ליניעס, פונקטן, ציפערן. יעדע ווייַלע ברענגט אים א טעלעגראפיסט פון דער ראדיא־סטאציע א צעטעלע מיט ציפערן, און מאלמגרען פליט מיט די אויגן איבער דעם צעטעלע, און צייכנט נייע ליניעס און פונקטן אויף דער מאַפע.

אלע קוקן ערנסט אויף די דאזיקע מאפעס. אין זיי — קאן מען זאגן — ליגט באהאלטן דער גורל פון דער עקספּעדיציע. אין זיי ווערט דערציילט, וואס עס טוט זיך אין דער אטמאָספער, ווו און וועלכע ווינטן ס'בלאזן, ווו ס'איז דא פייכטקייט אין דער לופט, און ווו ס'קלייבט זיך א שניי — דער ערגסטער פיינד פון א לופט־שיף! ווייל א שניי, אויב ער ווערט צוגעפרוירן צו דער הילע פון לופט־שיף, דריקט אויף איר ווי א שווערע לאסט און שטויסט זי אראפ טיף צו דער ערד.

אלץ איז רויק די „נארגע“ פליט לייכט און זיכער אלץ טיפער אין צאפן אריין.

אבער קאָן מען וויסן, וואס עס וועט ברענגען די נאענסטע שאַ? ס'איז קעמאס נישטא אזא קאפריזן אָרט אין דער וועלט, ווי די מײַרעוודיקע ברעגעס פון שפּיצבערגען, ווו דער ווארעמער גאָלפשטראם פירט אייניאויפהערלעך א קאמף מיט דעם אייז־קאלטן אטעם פון צאפן: וויכערס און ווינטלאזיקייט בײַטן זיך דארט אלע האלבע שאַ.

בײַ נאבילען אויפן טיש ליגן נעבן מאַפּעס פון אקעאן און פון שפּיצבערגען, אויך מאפּעס פון דער „נײַער ערד" און פון סיבירישן צאפן־ברעג. און אין קארידאר אויף א ווענטל הענגען צוויי רוסישע ביקסן, באווארעניש פאַרן פאַל, אויב א ציקלאָן פארטראגט די „נארגע" צו דער „נײַער ערד" אדער אין די פארפרוירענע טונדרעס פון סיביר.

אָבער דאָס גליק באַגלײַט זיי אויפן גאַנצן וועג. די „נאָרגע" טראָגט זיך גלייך און רויק, און ווען די נאַכט איז פאַרבײַ, דערזעט מען שוין פון ווײַטן די שניי־באַדעקטע שפּיציקע בערג פון „שוואַלבאַרד", ווי די נאָרוועגער רופן אָן אַצינד דעם אינדזל שפּיצבערגע, וועלכע געהערט צו זיי.

מיט אַ פריידיקן הוראַ! באַגריסט די מאַנשאַפט דעם קאָמאַנדאָר־רוף: „ערד". נאָר דאָ, פּרוווט די נאַטור אָנצושרעקן די פליִער מיט אַ שניי־זאַווערוכע. אָבער אַצינד שרעקט זיך שוין נישט קיינער פאַרן פײַנד. די ערד איז שוין נאָענט. אויף אַ קאָמאַנדע, האָבן די איטאַליענישע מעכאַניקער זיך געשטעלט בײַ די לעכער מיט זעק באַלאַסט. און די שווערע זעק אַראָפּגעשליידערט אין יאַם אַריין. די שיף האָט זיך ווידער אַ הויב געטאָן אויף דער נויטיקער הויך.

און אויך אַ צווייט אומגליק איז אויפגענומען געוואָרן קאַלטבלוטיק. איינער פון די מאָטאָרן האָט זיך צעבראָכן. אָבער דער ווינט האָט געטראָגן די „נאָרגע", און זי איז געפלויגן ווײַטער מיט דער זעלביקער שנעלקייט, פון הונדערט קילאָמעטער אַ שאָ.

6 אַזייגער אינדערפרי האָט די „נאָרגע" שוין געשוועבט איבער דער אייביק מיט שניי־באַדעקטער אינדזל שפּיצבערגען.

דער אינדזל שפּיצבערגען ליגט אויפן 79־טן גראַד פון צאָפנדי־קער ברייט. 1500 קילאָמעטער ווײַט פון דעם פּאָליוס. עס איז דער לעצטער יישעוו אין דער פּאָליאַרער וועלט. דאָס וואָס מענטשן קאָנען לעבן אין דעם דאָזיקן לאַנד פון אײַז און שניי, אין מיטן פון אײַז־אָקעאַן, פאַרדאַנקען זיי דעם וואַרעמען גאָלפ־שטראָם, וואָס גייט פון די ברעגעס פון אַמעריקע צו די ברעגעס פון נאָרוועגיע און פאַרטראָגט מיט זיך רעשטלעך וואַרעמקייט אויך צו שפּיצבערגן. צו קיין שום אַנדער אָרט פון דער וועלט אַזוי נאָענט פון פּאָליוס קאָן מען זיך נישט דערקלייבן מיטן וואַסער.

אין מאַי שטייט די זון איבער שפּיצבערגען הויך אויפן הימל, אַ קײַלעכדיקן מעסלעס לאָזט זי זיך נישט אַראָפּ צום האָריזאָנט. טאָג פון נאַכט אונטערשיידט זיך נאָר דורך די קיר־צערע שאָטנס פון די הויכע בערג־שפּיצן, וואָס רינגלען אַרום דעם ־בלויען קינגסביי־אײַנגוס. דאָ איז אַ האַלב יאָר — טאָג, און אַ האַלב יאָר — נאַכט.

די „נאָרגע" איז שוין איבער קינגסביי; נאָך אַ מאָל אַר־בעטן די טיף־רודערס און זי דרייט די נאָז אַראָפּ־צו. בײַם עלינג איז פאַרזאַמלט דער גאַנצער יישעוו, וואָס ציילט בײַ הונדערט מאַן. און די מאַנשאַפט פון דער נאָרוועגישער קריג־שיף, וואָס האָט געבראַכט אַהער אַמונדסענען און זיינע טעכ־ניקער. אָבער אויך זייטיקע מענטשן זענען היינט דאָ אין אַ גרויסער צאָל: זשורנאַליסטן און פאָטאָגראַפן.

דורכן טיפן שניי אײַלן צום עלינג צוויי מענטשן אין פּאָ־לאַר־קאָסטיומען. דאָס זענען אַמונדסען און זײַן פרײַנט עלס־וואָרט, דער געלטגעבער פון דער עקספּעדיציע. אַמונדסען באַ־גריסט האַרציק נאָבילען און זײַנע באַגלייטערס פון דער „נאָרגע". און די נאָרוועגישע מאַטראָסן שפּילן דעם איטאַליענישן, נאָר־וועגישן, שוועדישן און אַמעריקאַנישן הימן.

אָבער די מאַנשאַפט פון דער „נאָרגע" איז אַזוי אויס־געמאַטערט און אויסגעפרוירן, אַז זיי בעטן נאָר עפּעס וואַרעמס צו טרינקען און אַ געלעגער צו שלאָפן.

מען פירט זיי אין די צוגעגרייטע באַראַקן, און זיי פאַלן גלייך אַרײַן אין אַ בלײַערנעם שלאָף אויף אַ גאַנץ מעסלעס!

## דער האַנטקורעגעם ווילׅיאַם בערד

אין דעם אײַנגוס פון שפּיצבערגען „קינגסביי" ליגט די נאָרװעגישע קריגשיף, און אַ קלענערע הילפשיף, וואס באַזאָרגן אמונציע עקספּעדיציע. אַ ביסל ווײַטער פון ברעג — ליגט נאָך אַ גרויסע שיף, און אויף איר פּלאַטערט די אַמעריקאַנישע פאָן. מאָטאָר־שיפלעך פאָרן דורכאַנאַנד פון שיף צו דער אינדזל און צוריק.

וואָס טוט דאָ די גרויסע אַמעריקאַנער שיף? זי האָט געבראַכט קיין שפּיצבערגען דעם באַרימטן אַמעריקאַנישן פליִער ווילׅיאַם בערד.

אין 1924־טן יאָר האָט ווילׅיאַם בערד גלענצנדיק פאַרענדיקט אַ דרײַיאָריקן פלי אַרום דער וועלט.

פון פיר פליִער, וועלכע האָבן דורכגעפירט יענעם פלי, זענען לעבעדיק צוריקגעקומען נאָר צוויי, און איינער פון די צוויי — איז געוועזן ווילׅיאַם בערד, וועלכער האָט זיין אַפּאַראַט גליקלעך אַריבערגעטראָגן איבער וויסטעס און יאַמען, איבער הויכע באַרג־קייטן און געפערלעכע דזשונגלעס. ער איז איינער פון די טיכטיקסטע און מוטיקסטע פליִער פון דער גאַנצער וועלט.

וואָס טוט ער דאָ אויף שפּיצבערגען?

גאָר פּאָשעט! ער וויל פון דאַנען פליִען מיט אַן אַעראָפּלאַן צום פּאָליוס. ער איז נישט קיין פּאָלאַר־פאָרשער און נישט קיין געלערנטער; אויב ער וויל פליִען צום פּאָליוס, איז עס דערפאַר, ווייל ס'איז אַ שווערע אויפגאַבע און ווייל ביז איצט איז די דאָזיקע אויפגאַבע נאָך קיינעם נישט איינגאַנצן געלונגען. האָלט עמעצער שוין דערגרײַכט צום פּינטעלע פּאָליוס, וואָלט פאַר בערדן די עקספּעדיציע אַהין שוין קיין אינטערעס נישט געהאַט. קיין שפּיצבערגען האָט אים געפירט

דער ווונטש צו שלאָגן אַ רעקאָרד, וויַזן דער וועלט די קראַפט פון זיין אַמעריקאַנישן מאָטאָר, און זיַן אייגענע בעריעשקייט אַלס פליִער.

און אויב ער איז איצט גראָד אין שפּיצבערגען, איז עס דערפֿאַר, ווייל ער וויל פֿאַרלויפן אַמונדסענען דעם וועג, אים ארויסכאַפּן, אַזוי צו זאָגן, די בכוירע. נישט אַמונדסען, נאָר ער מוז דער ערשטער איבערן פּאָליוס זיַן. דער ספּאָרטסמאַן פֿאַרמעסט זיך קעגן דעם אין אומגעציילטע העלדישע פּאָלאַר-שלאַכטן גרוי געוואָרענעם קעמפער!

צווישן אַמונדסענען און בערדן הערשן גוטע באַציִונגען, אָבער זיינע פּלענער האַלט יעדער פֿאַר-זיך.

דערוויסנדיק זיך, אַז נאָבילע איז שוין אויפן וועג קיַן שפּיטסבערגען, באַשליסט בערד אַריבערצופירן זיַן אַעראָפּלאַן פון שיף קיַן קינגסבעי, ווו ס'ווערט אָפּגעגרענעצט פֿאַר אים אַ פּלאַץ נישט וויַט פון עלינג.

אַ שווערע אונטערנעמונג, וויַל די שיף ליגט נישט אין איַינגוס, (ער איז פֿאַרנומען דורך די נאָרוועגישע שיפן) און אַרום ברעג שווימען גרויסע איַיז-קריִעס, וואָס קאָנען דעם אַע-ראָפּלאַן לײַכט צעשטערן.

אָבער די ענערגישע אַמעריקאַנער האָבן בײַגעקומען אַלע שוועריקייטן. ווען די „נאָרגע" קומט אָן קיַן קינגסבעי, שטייט שוין דאָרט אויף גליטשערס אַ גרויסער שוואַרצער אַעראָפּלאַן, „זשאָזעפינע פֿאָרד". זשאָזעפינע פֿאָרד איז דער נאָמען פון דער טאָכטער פון אַמעריקאַנער מיליאַרדער און אינ-דוסטריע-מאַגנאַט — הענרי פֿאָרד, וואָס האָט געגעבן די געלט-מיטלען אויף בערדס גאַנצער עקספּעדיציע.

די „זשאָזעפינע פֿאָרד" שטייט שוין אויף דעם שניי פון הינגסבעי, אָבער ביים פליִען האַלט עס נאָך נישט.

מע דאַרף ערשט איַינטרעטן דער שניי אויף אַ גרויסן שטעך, קעדיי דער אַעראָפּלאַן זאָל קענען נעמען דעם סטאַרט-

# בערד אײַלט זיך

אויף די דאָזיקע ארבעט ווערט דורכגעפירט מיט א גיכן טעמפּ און ווידער אמאָל באוווּנדערן אַלע די טיכטיקייט פון די אַמעריקאַנער. בערד פּרוווט דעם אַעראָפּלאַן צו לאָזן אין גאַנג, אָבער די גליטשערס האַלטן נישט אויס די לאַסט פון דער מאַשין און צעברעכן זיך.

מען וואָלט געדאַרפט מאַכן פעסטערע גליטשערס, אָבער אײַלט זיך: די האַמערס אין עלינג קלאַפּן, דער רעמאָנט פון דער „נאָרגע" גייט גיך פאָרויס. טאָמער איז די „נאָרגע" באַלד גרייט צום פלי, און קומט צום פאָליוס פריִער פאַר אים? דאַן האט די גאנצע עקספּעדיציע פאר בערדן קיין ווערט נישט.

בערד הייסט צונויפקלאַפּן 3 פּאָר גליטשערס צוזאַמען, קע-דיי זיי זאלן אויסהאלטן די לאַסט. דאס גיט זיך אײַן; אבער עס איז א ריזיקע, ווארעם ער האט מער נישט קיין רעזערוו-גליטשערס, און בײַ א וועג צום פאליוס דארף מען זײַן באוואָפנט אויפן פאַל, אז עס וועט אויסקומען זיך אראפּצולאָזן אויפן אײַז, און זיך דורכ-שלאגן צוריק צופוס און אויף גליטשערס. אבער דער רעקארד — איז דאס וויכטיקסטע...

איצט קומט דער פלי-פּרווו. און ווידער – האט ער קיין מאזל נישט. דער אַעראָפּלאַן פאלט ארײַן אין שניי, א 20 מעטער ווײַט פון יאם. עס ווײַזט זיך ארויס, אז דער אעראפּלאַן איז אי-בערגעלאָדן.

אַלע קוקן זיך צו מיט געשפּאנטן אינטערעס צום שטומען וועט-קאמף צווישן „זשאזעפינע פארד" און דער „נארגע". ס'ווערט קלאָר, אז בערד וועט מוזן ווידער אפּלייגן די רייזע, און זײַנע שאנסן, דער ערשטער צו דערגרײַכן צום פאליוס, ווערן שוואכער.

ער האלט אויך אזוי. און דעריבער אנטשליסט ער זיך צו שטעלן אַלץ אויף דער קאָרט. אומקומען, אדער זיגן! שטילער-הייט, ווארפט ער ארויס אַלץ, און לאזט איבער נאר פּראוויאנט אויף 3 טעג פאר זיך און דעם פּילאָט בענעט, וועלכער וועט מיט

רע פארקערעוועט אויף צוריק. דער פלי אהין און צוריק האט געדויערט פערצן און א האלבע שא!

## די לעצטע צוגרייטונג

די רעפאראטור פון „נארגע" איז פארענדיקט· דאס וועטער – גינסטיק.

מאנטיק, דעם 10 מאי, האט מען באשלאסן, אז די „נארגע" וועט ארויספליען „ביינאכט", ד. ה. ווען די זון שטייט צום נידעריקסטן, אלץ איז גרייט געווען צום אפפלי – אבער ביינאכט האט זיך צעשפילט א שטורעם-ווינט, איז אויסגעקומען אפצולייגן דעם פלי אויף אן אומבאשטימטער צייט. דער שטורעם-ווינט איז אבער, פונקט אזוי ווי ער איז אומגעריכט אנגעפלויגן, אויך אומגעריכט איינגעשטילט געווארן.

און דעם 11 מאי 1926 האט די „נארגע" זיך א הויב געטאן אינדערלופטן.

די לעצטע נאכט איז קעמאט קיינער נישט געשלאפן. מע האט געמאכט די לעצטע צוגרייטונגען, און אויך ענדגילטיק פעסטגעשטעלט, ווער עס וועט אלץ מיטמאכן די עקספעדיציע.

די „נארגע" איז א גרויסע לופט-שיף. זי האלט 106 מעטער די לענג, 25 מעטער די הייך און 19 מ. – די ברייט. אירע 3 מאטארן האבן צו 250 פערד-קראפט, און זי קען אויפהייבן 10 טאן.

לייכט מוז זיין געבויט די שיף. איבער דעם פון א לייכטן מעטאל געבויטן סקעלעט פון דער שיף, שפאנט זיך א דינע גומעארטיקע הילע. די גאנדאלע פאר די פאסאזשירן, וואס איז באפעסטיקט צום אונטערטייל פון שיף· האט א פאדלאגע פון פאפיר און די ווענט זענען מיט לייוונט ארומגעצויגן איבער א שיטערער נעץ פון אלומיניום. די קאיוטע האלט א 12–15 קוואדראט מעטער, אין איר געפינט זיך די פילאטן-קאמער, אפגעצוימט פון אלגעמיינעם טייל דורך א דינעם ווענטעלע – אהין קאנען

אַרײַנגיין נאָר דער קאַפּיטאַן און די פּילאָטן. אין אַנדערן טייל קאַיוטע, הינטער אַ לײַוונט־ווענטל, געפינט זיך די ראַדיאָ־סטאַציע, ווו 2 טעלעגראַפיסטן זיצן אויף קליינע בענקלעך.

דער מעטעאָראָלאָג מאַלמגרען מוז צייכענען זײַנע קאַרטן שטייענדיק אָנגעשפּאַרט צום ווענטל, וואָרעם ס'איז נישטאָ קיין אָרט ווו זיך צו זעצן. אויפן טיש פון דער קאַיוטע ליגן קאָמפּאַסן, מאַכשירים, געאָגראַפישע קאַרטעס, לויט וועלכע דאַרפן דער קאָמאַנדיר איבער די רודערס, מוז באַשטימען דעם וועג.

פאַרן קאָמפאָרט פון די טיילנעמער פון דער עקספּעדיציע



די לופטשיף „נארגע“

קאָן מען גאָרנישט מאַכן: זיי זענען, אַזוי צו זאָגן, אויפן לעצטן פּלאַן. דאָס וויכטיקסטע איז די שיף און די גוטע פונקציאָנירונג פון טעכנישן אַפּאַראַט.

אין קאַיוטע זענען נאָר דאָ 2 שטולן, אויף וועלכע עס זעצן זיך לויט דער ריי די פּאַסאַזשירן. די געלעגערס אין לאַנגן קאָרידאָר זענען שמאָל און האַרט. די קישנס פּלאַך, און די קאָלדרעס אַזוי דין, אַז זיי שיצן נישט קעגן קעלט. און שלאָפן איז שווער אויף זיי, נישט נאָר צוליב דער אומבאַקוועמלעכקייט פון געלעגער און דער קעלט, וואָס דרינגט אַרײַן דורך

די לײַװונטענע װענטלעך, נאָר אויך צוליב דעם, װאָס איבער די קעפּ קלאַפּן דורכאַנאַנד די טריט פון פּערסאָנאַל, װאָס לויפט אָן אויפהער צו די העכערע גאָרנס פון שיף, צו די מאָטאָרן, גאַז־באַלאָנען, רודערס אא"װ אויף שמאָלע בריקלעך אָן פּאָרענט־שעס. בײַם פּולן גאַנג פון שיף מוזן זײ אַזוי אַרומשפּאַנען, אַז אַן אומבאַהאַװונטן מענטשן הויבט אָן צו שװינדלען פאַר די אויגן.

אומגעהײַערע קאַנען מיט בענזין און ריזיקע באַלאָנען מיט גאַז מוז די שיף מיט זיך פירן, אויך זעק באַלאַסט, אויפן פאַל, װען די שיף מוז זיך אויפהייבן העכער. און אויך פּראָװי־יאַנט אויף 30 טעג, װײַל מען קאָן נישט װיסן, צי װעט נישט טרעפן אַן אומגליק מיט דעם דיריזשאַבל און צי װעט מען נישט מוזן װאַנדערן צופוס מיט די אײַזפעלדער צו דער נאָענטסטער יאַבאָשע. דער פּראָװיאַנט איז אויסגערעכנט קאַרג, 350 גראַם אויף אַ מענטשן אַ טאָג. און נאָר לײַכטע זאַכן פירט מען: ביס־קװיט, שאָקאָלאַד, און אַ ספּעציעלע פּאָליאַר־שפּײַז אין בלעך־פּושקעס, װאָס אַמונדסען האָט אַליין דערפונדן — „פּעמיקאַן" רופט זיך די שפּײַז, װאָס איז לײַכט און נאַרהאַפטיק, אָבער נישט געשמאַק. יעדער פירט נאָך אַ טערמאָס־פלאַש מיט הייסער קאַװע. און אַ־ך דעם זענען נאָך דאָ אַ צענדליק פלאַשן מיט רום... מע מוז זײַן אַזוי אויסגערעכנט מיטן עסן, װײַל מע מוז מיטפירן נאָך אַסאַך װיכטיקע זאַכן, אַכוץ די מאַכשירים און אַפּאַראַטן: פעלצן, װאָלענע װעש, גליטשערס, שליטנס און שיפ־לעך, ביקסן און אַמוניציע.

און װײַל יעדע לאַסט איז אַזוי אויסגערעכנט אויפן מי־ליגראַם — קאָנען נאָר 16 מענטשן מיטגענומען װערן. אַװאַדע װאָלט אַ גרעסערע צאָל מענטשן אויפן שיף זייער צונוץ געקומען. די 16 בענטשן װעט אויסקומען אָן אָפּבייט און אָן רו אַרבעטן די גאַנצע צײַט פון דער עקספּעדיציע — אַן איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג — צוליב דעם מאַנגל אין אַרבעטס־הענט, װאָס װאָלטן געקאָנט זײ פאַרבײַטן. אָבער קיין ברירה איז נישטאָ.

# איבערן פּאָליוס

די זון איז געשטאַנען הויך אויפן הימל דעם 11 מאַי 1926, ווען די „נאָרגע" האָט אָנגעהויבן איר פלי צו די אומבאַקאַנטע וועלטן איבערן פּאָליוס.

אַמונדסען באַשרײַבט אַזוי דעם מאָמענט פון אָפּפאָר:

„די ערנסטע פּנימער און די האַנט־דרוקן בײַם געזעגענען זיך האָבן אונדז דערציילט, ווי אַלע זענען באַזאָרגט וועגן אונדז, און ווי הייס ס'איז זייער ווונטש, מיר זאָלן גליקלעך פאַרענדיקן אונדזער אונטערנעמונג. די, וואָס בלײַבן דאָ זענען אומרויִק וועגן אונדז. מיר אָבער אַליין פילן קיין שום שרעק נישט. מיר פילן זיך באַפרײַט, און פול מיט פרייד, וואָס מיר לאָזן זיך שוין ענדלעך אין דער לופטן, אין דער פאַרקישעפטער וועלט פון סוידעס".

די „נאָרגע" פליט איבערן מירעוו־ברעג פון שפּיצבערגן צום צאָפן צו. אַ וווּנדערבאַר בילד שפּרייט זיך אַרום זיי. הויכע שניי־באַדעקטע באַרג־קייטן און ריזיקע גלעטשערס שימערירן אין די שטראַלן פון דער זון.

לײַכט און זיכער שוועבט די שיף אין דעם בלויען לופט־אָקעאַן, געטראָגן פון ווינט. בײַם 80 טן ברייט־גראַד זענען די ווײַטע בערג שוין פאַרשוווּנדן אין נעפּל, און עס שפּרייט זיך אונטער דער „נאָרגע" דער ברויגעזער ווײַסער מידבר מיט די דורכאַנאַנד זיך באַוועגנדיקע אײַז־מאַסן.

ווו נישט ווו נאָר זעט זיך אַ בלויער וואַסער־ריץ צווישן די ריזיקע אײַז־מויערן. דרײַ גרויסע וואַלפישן, ליגן בײַ אַן אײַז־שפּאַלט און אַ פּאָר מאָל זעען זיי אויך ווײַסע בערן, וואָס אַנטלויפן מיט אומגעשיקטע טריט צו אַ בלויער אָזיערע אינמיטן אײַז.

די ראַדיאָ־סטאַציע אַרבעט. דער טעלעגראַפיסט דערלאַנגט אַמונדסענען אַ גליקוווּנטש־טעלעגראַם פון אַ פרײַנד אין מעלבורן (אויסטראַליע). און אַלע ווערן אַ רעגע פאַרכידעשט: אין

לופט-אָקעאַן איבערן אייביקן אײַז — דערגרייכט צו זיי אַ גרוס פון אַן אַנדער עק וועלט!

דער 83. גראַד איז הינטער זיי. און יעדער שפּור פון לעבן האָט אויפגעהערט!

ס'איז שוין דער 88-טער גראַד. ווײַטער פון דאַנען איז אַכוץ בערדן נאָך קיין איינציקער מענטש נישט געווען.

ביז איצט איז „נאָרגע" געפלויגן אויף דער הייך פון פיר-פינפהונדערט מעטער, אבער איצט פאַלט צו א נעפּל, און קעדיי די שיף-זאָל נישט אַרײַן אין סאמע מיטן פון א געדיכטן וואָלקן, מוז זי זיך אויפהייבן העכער. באַלד פליט זי שוין א גאַנצן קי-לאָמעטער הויך איבער דעם אײַז.

דעם 21-טן מאַי, אַרום האַלבער נאַכט, געפינט זיך די עקס-פּעדיציע איבערן פּאָליוס. און עפּעס ווי צוליב צו טון דעם ווונטש פון די דרייסטע לופט-פּאַסאַזשירן, שטאַרקט זיך די זון איבער דעם נעפּל. ער פאַרציט זיך ווי א פאָרהאַנג, און גיט די מענטשן אין דער לופט די מעגלעכקייט אָנצוקוקן דאָס דאָזיקע מערקווירדיקע פּינטעלע פון דער ערד-קויל.

דעם 12-טן מאַי 1926 יאָר, 12 אזייגער מיט 25 מינוט לויט גרינוויטשער צײַט-מעסטונג רופט זיך אַן לאַרסען, וועלכער רײַסט דאָס אויג נישט אָפּ פון זון-קאָמפּאַס:

„מיר זענען אָנגעקומען!"

קיינער האָט נישט געפרעגט: „וווהין?" אַלע האָבן געוווּסט און פאַרשטאַנען, אַז דאָס געפינט מען זיך איבערן פּאָליוס 90 גראַד פון צאָפנדיקער ברייט.

נאָבילע לאָזט אַראָפּ די „נאָרגע" ביז 100 מעטער איבערן אײַז-אויבערפלאַך. די מאָטאָרן שטעלן זיך אָפּ.

איצט עפנט מען די פענצטער פון דער קאַיוטע און מען טרעט צו צו דער צערעמאָניע פון אַראָפּלאָזן די פענער:

„מיר — דערציילט אַמונדסען — האָבן די קאָפּ אַנטבלויזט, און איך האָב דער ערשטער אַראָפּגעוואָרפן די נאָרוועגישע פאָן. פּאַמעלעך האָט זיך די קאָלירטע פאָן אַראָפּגעלאָזט, באַדנדיק זיך אין די זון-שטראַלן, און גלײַך איז זי שטיין געבליבן אויף

אירע בויגעוודיקע העלצלעך, וואָס זענען אַריין סיף אין אייז.

דערנאָך איז אַמונדסען צוגעגאַנגען צו היסטינגען, זיין אַלטן פריינד, מיט וועלכן ער האָט צוזאַמען דעם 14-טן דעצעמבער 1911 יאָר אַוועקגעשטעלט די נאָרוועגישע פאָן אויפן דאָרטיקן פּאָליוס, און האָט איבערשווייגנדיק פעסט געדריקט די האַנט.

גאָך אַמונדסען — האָט עדסוואָרט אַראָפּגעלאָזט די אַמעריקאַנישע און צום סאָף נאָבילע — די איטאַליענישע פאָן.

אַלע 3 פענער זענען געבליבן שטיין נאָענט איינע נעבן דער אַנדערער.

די „נאָרגע" האָט ביי אַ פּאַמעלעכן גאַנג געמאַכט אַ קרייז אַרום דעם פּאָליוס. די מאַנשאַפט האָט דערווייל אויפמערקזאַם אַרומגעקוקט די נעגנט.

פון אַלע זייטן האָט זיך געשפּרייט אַן אומענדלעכער אייז-מידבער, איבערגעדעקט מיט אַ פאַרוואָלקנטן הימל. ביים פּאָליוס איז דאָס געווען שטאַרק צעשפּאָלטן, און מען האָט דאָרט געזען אַסאַך קליינע אייז-לעכער.

ביים פּאָליוס האָבן זיי פאַרבראַכט עטלעכע שעה. אין אַ געהויבענער שטימונג האָט מען זיך געזעגנט מיטן פּאָליוס. און די „נאָרגע" האָט זיך פּאַמעלעך אויפגעהויבן העכער און איז אַוועק שוין צו דאָרעם קיין אַמעריקע.

פון פּאָליוס נעמען זיי דעם קורס אויף פּאָינט באַראָו, דעם צאַמנדיקן פונקט פון אַלאַסקאַ, איבערן באַראָו-מערידיאַן, און איצט זענען די וועלט-ריכטונגען פאַר זיי אומגעקערטע. דעם מיזרעך האָבן זיי אויף לינקס און דעם מייַרעוו אויף רעכטס.

די צייט אויפן באַראָו פּאָינט שפּעטיקט זיך אַנטקעגן דער גריניטשער צייט מיט 10 שעה, און עס באַקומט זיך איצט פאַר זיי, אַז נאָכן פאַרלאָזן דעם פּאָליוס דעם 12-טן מאַי אין אָוונט, האָבן זיי איצט שוין פון יענער זייט פּאָליוס — דעם 11 מאַי נאָכמיטאָג. און אַזוי אַרום לעבן זיי איבער צווייִ מאָל נאָכאַנאַנד דעם 1-טן מאַי.

## איבערן אומבאקאנטן פאָליאַר-געביט

ביז אַלאַסקאַ דאַרפן זיי אין אַ גראַדער ריכטונג דורכפליִען איצט 2100 קילאָמעטער. געפינט זיך אין די דאָזיקע וויַיטענישן, ערד ווי ס'מיינען טייל וויסנשאַפטלער? די אָנהענגער פון דער דאָזיקער מיינונג האָבן שוין אַפילע אַ פּאַרטיקן נאָמען פאַר יענער אומבאַקאַנטער ערד – „האַריס-ערד", לויטן נאָמען פון דעם באַגרינדער פון דער דאָזיקער מיינונג. איצט וויל די דאָזיקע עקספּעדיציע דערגיין, צי די דאָזיקע ערד עקזיסטירט. זיי קוקן אַרויס דורך די פענצטער און האָפן זי צו דערזעען.

די „נאָרגע" איז געפלויגן זיכער, מיט אַ געשווינדקייט פון 80 קילאָמעטער אַ שאָ, אויף דער הייך פון 40 מעטער איבער דער איַיז-איבערפלאַך.

קיין ערד האָט מען נישט געזעען.

זעכצן מענטשן זענען ווי צוגעשמידט צו די קאַיוטע-פענצטער. זיי קוקן אַראָפּ, זיי ווילן דערזעען עפּעס אַכוץ איַיז. אָבער זיי אַנטדעקן נישט קיין מינדסטע שפּור פון ערד.

„מיר – שרייבט אַמונדסען – האָבן אַסאַך געזעען. אַלנפאַלס דאָס, וואָס ס'וואָלט שווער געווען צו זעען, אויב מע געפינט זיך נישט אינדערלופטן – נאָר דאָ זענען אַפילו קיין איַיזלעכער נישט געווען. דאָס איַיז איז דאָ געווען אין קאָמפּאַקטע מאַסן און צעשפּאָלטן אין אַלע ריכטונגען... די סאַמע דרייסטע צווישן אונדז זענען צופרידן געווען, וואָס עס קומט אונדז נישט אויס דורכצוגיין זיך דורך די דאָזיקע ערטער צופוס".

די זון באַהאַלט זיך, און די „נאָרגע" איז אַריַין אין אַ נעפּל-פּאַס. נאָבילע הויבט אויף די שיף העכער און דאַן דערזעען די פּאַסאַזשירן דורך די פענצטער פון דער קאַיוטע אַ צווייטע שיף, אַקוראַט אַזאַ ווי די „נאָרגע", אַרומגערינגלט פון אַ רעגנבויגנדיקן שיַין – אַ וווּנדערבאַרער אָנבליק איז עס געווען, די אָפּשפּיגלונג פון דער „נאָרגע" אין דעם נעפּל!

אָבער די לאַגע איז אַזוי ערנסט, אַז זיי קאָנען נישט לאַנג האַנאָען האָבן פון דעם דאָזיקן פּראַכטפולן בילד.

אין פײַכטן נעפל באַדעקן זיך מיט אַן אײַז־קאָרע אַלע דרויסנדיקע מעטאלענע טיילן פון דער שיף. שטיקלעך אײַז פאַלן אַרײַן אין פּראָפּעלער, אָדער ווערן אָפּגעוואָרפן צו דער דרויסנדיקער הילע פון דער שיף, וואָס הייבט זיך אָן צו רײַסן. די גאַנצע צײַט קומט אויס צו פאַריכטן די שאָדנס, וואָס די צוגעפרוירענע נעפל־פײַכטקייט ברענגט דער „נאַרגע". אויך די ראַדיאָ־טאַציע הייבט אָן צו פאַלשעווען. די אַנטענע, וואָס האָט געהאָנגען אונטערן די־ריזשאַבל, האָט זיך באַדעקט מיט אַ דיקער אײַז־קאָרע... דערצו נאָך די עלעקטרישע אויסלאָדענישן אין דער לופט, און די ראַדיאָ־סטאַציע ווערט ביסלעכווײַז פאַראַליזירט. מען קאָן שוין נישט שיקן קיין טעלעגראַמעס קיין שפּיצבערגן, מען קאָן שוין נישט באַקומען קיין ידיעות וועגן וועטער.

די „נאָרגע" איז איצט שוין אינגאַנצן אָנגעוויזן אויף זיך אַליין, קיין אייצעס וועגן דער ריכטונג קאן זי שוין פון ערגעץ נישט באַקומען. זי מוז אַליין אויסקלייבן איר וועג, באַנוצנדיק זיך דערבײַ מיטן קאָמפּאַס און מיט לאַרסענס מאַגנעטישע מאַפּעס.

און דער נעפל האַלט אַלץ אין איין שטייגן אינדערהייך, ער האָט שוין פאַרטריבן די „נאָרגע", אויף דער הייך פון 800 מע־טער. ערטערווײַז צערײַסט זיך דער נעפל, און דורך די בלויזן זעט מען... ערד! ערד? ניין! עס זענען נאָר מיראַזשן, פאַרבלענדונגען... און אָן אַ ברעג, אָן אַן עק ציִען זיך נאָך אייז־פעלדער. אונטער זיי.

דערנאָך פאַרוואָלקנט זיך נאָך דער הימל און דער איינציקער וועגווײַזער זענען איצט די מאַגנעטישע קאָמפּאַסן.

און נאָר דער וווּנדער, וואָס די מאַגנעטישע מאַפּעס פאַר יענע ערטער זענען געווען ריכטיק צונויפגעשטעלט, האָט נישט דערלאָזט, די „נאָרגע" זאָל אַראָפּ פונעם וועג.

פאַרנאַכט האָט די „נאָרגע" זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריקער און האָט געטראָפן אין אַ זאַווערוכע אַרײַן. נאָבילע האָט גע־פרווט זיך צוריק אויפצוהייבן, נאָר דאָס אײַז, וואָס האָט באַ־דעקט מיט קאָרע די שיף, האָט דערצו נישט דערלאָזט.

נאָבילע פאָדערט פון דעם מעטעאָראָלאָג מאַלמגרענען, ער

זאל אים אנווייזן דעם בעסטן לופט־שיכט צום פליען, אַ שיכט, וווּ ס'איז דא ווייניקער פייכקייט. —

אָבער אַזאַ לופט־שיכט קאן מען געפינען נאר איבער די וואָלקנס וויל מען אבער אויפהייבן זיך אויף אַזאַ הייך, דאַרף מען מאַקרעוו זיין דעם בענזין, און דעמאלט וועט מען נישט קאנען מיט דער „נארגע" דערגרייכן ביז אַמעריקע. מען מוז אַלזא בלייבן אין נעפל און שניידן זיך אַוועג דורך אים.

אין נעפל ווערט די „נאָרגע" אַלץ מער אַרומגעפרוירן מיט אייז, און זי קאָן זיך קוים רירן. נאָר דאָס איז נישט אַלץ. דאָס סאַמע געפערלעכסטע איז די אייז־קאָרע, וואָס איז אָנגעוואַקסן גאָר נאָענט צו די פּראָפּעלערס. דרייענדיק זיך מיט אַ געוואַלטיקער קראַפט, האָבן די פּראָפּעלערס אָפּגעריסן שטיקער אייז פון דער קאָרע און זיי געשליידערט אין דער דינער הילע פון דער לופט־שיף. די אייז־שטיקער האָבן ווי מיט קוילן באָמבאַרדירט די הילע און עס האָבן זיך אין איר געשאַפן אַלץ מער און מער לעכער. עס האָט געדראָט די געפאַר, אַז יעדע רעגע קאָנען אויך דורכגעלעכערט ווערן די גאז־רעזערוואַרן. דאָס וואָלט געווען שוין דער סאָף...

דער קאַלטער פּאָלי־טויט האָט זיי געקוקט גלייך אין די אויגן, אָבער קיין ברירה איז נישט געווען. מען האָט געמוזט פאָרזעצן דעם וועג, פליענדיק מיט דער גרעסטער געשווינדקייט אין גראָדער ליניע צו אַליאַסקאַ. ביז אַליאַסקאַ איז נאָך פארבליבן העכער 300 קילאָמעטער. וועלן די פּראָפּעלערס אויסהאַלטן? מען ווייסט, אַז ווען אַ פּראָפּעלער געפינט זיך אין פולן גאַנג, קאָן אַ קליין שטיינדעלע אַפילע אים צעברעכן אויף פּיץ־פּיצלעך, און דאָ באָמבאַרדירן אים שטיקער אייז. די „נאָרגע" שניידט זיך דורך דעם נעפל אַ וועג. די מאַנשאַפט לאַטעט די לעכער פון דער הילע, נאָענט פון די מאַשינען. אין דער קירצסטער, גראדער ליניע האַלטן זיי דעם קורס אויף אליאַסקא.

און — א וווּנדער! די פּראָפּעלערס האבן אויסגעהאלטן! און אויסגעהאלטן האט אויך די הילע ארום די פּראָפּעלערס!

ס'איז נישט שווער זיך אויסצומאָלן — שרייבט אמונדסען —

מיט וואס פאר א בענקשאפט מיר האבן אויסגעקוקט אויף א סימען פון ערד. דעם 13-טן מאי גאנץ פרי האבן זיך סימאָנים באוויזן, אז מיר זענען שוין נישט ווײַט פון ערד. מיר האבן געזען, אז ס'ווײַזן זיך אלץ מער אײַז-לעכער, אז זיי ווערן ברייטער פון יעדנע, וועלכע מיר האבן געזען אויף דער אייראָפּעיִשער זײַט פאלוס, און אט האט מען שוין דערזען דעם אָפֿענעם יאם!

לאַרסען איז געשטאַנען מיטן שפּאָקטיוו און אויסגעפּאָרשט דעם דאָרעמדיקן טייל האָריזאָנט. אַ פּערטל זיבן נאָכמיטאָג האָט ער אויסגעשריִען:

— ערד!

אינגיכן האָבן אַלע דערזען אַ שוואַרצן פּאַס, מיסטאָמע אַ פלאַך-באַרג באַהאַלטן אונטער שניי. און 7 אַזייגער מיט 50 מינוט, דעם 13-טן מאַי 1926, נאָך 46 שאָ מיט 55 מינוט פליִען פון קינגסביי, האָט די „נאָרגע“ דערגרייכט צום אַמעריקאַנער ברעג.

ס'איז געווען אַ שטאַרקער ווינט און נאָבילע האָט באַשלאָסן אויפצוהייבן זיך ווי ווײַט עס לאָזט זיך נאָר. און נעמען דעם קורס אויף נאָמע — דער הויפּט-שטאָט פון אַליאַסקאַ, די שטאָט פון גאָלד-זוכערס.

די טראַנספּאָלאַרע רייזע פון דער „נאָרגע“ איז פאַרענדיקט. אָבער זיי האָבן נאָך געהאַט אויסצושטיין גרויסע שוועריקייטן. דאָס אַראָפּלאָזן זיך אויף דער ערד איז פאַר אַ לופט-שיף נישט קיין גרינגע זאַך. מען האָט געמוזט אויסגעפינען אַ באַקוועמס אָרט וווּ אַראָפּצולאָזן זיך. דער הויכער פעלזנבערג, וואָס איז אָפן פאַר אַלעווינטן, האָט דערצו נישט געטויגט.

קעדיי די „נאָרגע“ זאָל נישט אַראָפּלאָזן זיך צו נידעריק האָט מען אָנגעהויבן אַרויסוואַרפן אַלץ, וואָס האָט זיך נאָר געלאָזט.

אַלע פּרוּוון צו פאַרבינדן זיך מיט אַ וועלכער נישט איז ראַדיאָ-סטאַציע, האָבן זיך נישט אײַנגעגעבן. ווען די נאַכט איז אַזוי פאַרבײַ אין אומפרוכטבאַרע זוכענישן, האָבן זיי באַשלאָסן

זיך אויפצוהייבן אינדערהייך, איבערן נעפל, צו דערגיין, ווו זיי געפינען זיך.

מען האָט אַרויסגעוואָרפן אַלץ, וואָס ס'איז נאָך מעגלעך געווען, און אויפגעהויבן די לופט־שיף אויף אַ הייך פון 1600 מעטער. לאַרסען האָט איינגעשטעלט זיין לעבן, אַרויפקלעטערנדיק אויפן סאַמע שפּיץ פון שיף. פון דאָרט האָט ער מיט אַפּאַראַטן באַשטימט דאָס אָרט פון דער לופט־שיף. ער האָט אויסגערעכנט, אַז די „נאָרגע" געפינט זיך אין צאָפן פון קאַצעבו־איינגוס. גלייכצייטיק האָט זיך איינגעגעבן צו כאַפּן די כוואַליע פון דער ראַדיאָ־סטאַציע אין נאָמע, און די אָרט־לאַגע פון דער „נאָרגע" איז ענדלעך גענוי באַשטימט געוואָרן.

אָבער פון דעם איז נישט קיין סאַך לייכטער געוואָרן... האַלטן זיך נאָך לאַנג אינדערלופטן, ביי דעם דרוק פון דער איינקאָרע איז געווען אוממעגלעך.

און דער פערסאָנאַל איז זייער אויסגעמאַטערט. נאָבילע, דער קאַפּיטאַן פון שיף, האָט זיך זינט דעם אָפּפלי פון פּאָליוס אפילו נישט צוגעזעצט. און לאַרסען, וועלכער באַשטימט די ריכטונג פון שיף ביי אַזוינע שווערע באַדינגונגען, איז אַזוי מיד, אַז ער האָט מוירע זיך אַפילו אָנצושפּאַרן אַ מינוט צו אַ ווענטל, וואָרעם ער וועט גלייך אַנטשלאָפן ווערן. נאָר דער ווילן און דאָס געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט. האַלט אים נאָך אויף די פיס!

עס איז קלאָר געווען, אַז מען מוז פאַר יעדן פּרייז זיך אַראָפּלאָזן. אַזוי ווי זיי קאָנען נישט אַרויף העכער איבערן נעפל, באַשליסן זיי זיך טיפער אַראָפּצולאָזן, און עס איז אַ גוטער איינפאַל. דער נעפל אונטן איז שיטערער, און דורך די בלויזן זעט מען בעסער, וואָס ס'טוט זיך אונטן.

זיי זעען שוין אַ פּאָר כאַטעס... און אַמודסען דערקענט אַ דערפל פון עסקימאָסן, ווו ער איז געווען מיט זיינע פריערדיקע עקספּעדיציעס. אָבער אַראָפּלאָזן זיך דאָ איז נישט מעגלעך, דאָס דערפל איז אַרומגערינגלט מיט וואַסער. פליען זיי ווייטער אין נעפל.

דעם 14־טן מאַי ביי־טאָג האָט זיך דער נעפל אַביסל פאַר־

צוינן, און זיי האָבן דערזעען אַ צוגעפרוירענע לאַגונע און אַרום איר עטלעכע קליינע היַיזלעך.

דאָס איַיז האָט אויסגעוויזן צו זיַין האַרט און פעסט און זיי נעמען זיך גליַיך צו דער געפערלעכער אויפגאַבע, זיך אַראָפּלאָזן אויף דער ערד.

ביי אַ שטאַרקן ווינט מוזן זיי דורכפירן די געפערלעכע אויפגאַבע. פון שיף ווערן אַראָפּגעלאָזט אויף שטריק צוויי אַנקערס און אַ זאַק פון 400 קילאָגראַם.

די לאַסט שלעפט אַראָפּ די „נאָרגע" ביז 100 מעטער איבער דער ערד.

זיי לאָזן אַרויס דעם גאַז, און הענגען אַרויס די שטריקלייטערס, איבער וועלכע עס קלעטערט אַראָפּ אַ טיַיל פון דער מאַנשאַפט. מיט דער הילף פון די איַינוווינער גיט זיך איַין איַינצוהאַלטן די לופט־שיף. ווען זי געפינט זיך שוין ביַי די סאַמע דעכער.

אַן אומגעהיַיערער ווינטשטורעס קערט איבער די „נאָרגע" אויף אַ זיַיט, אָבער אַלע זענען שוין געוועזן אינדרויסן און קיַין שאָדן האָט עס זיי נישט געבראַכט. קיַין איין מענטש האָט נישט געליטן ביַים אַרויסזעצן זיך!

ס'איז נישט אויסצומאָלן זיך דאָס געפיל — שריַיבט אַמונדסען — צו שטיין מיט די פיס אויף פעסטער ערד.

איצט האַבן זיי זיך ערשט אָריענטירט. וו זיי געפינען זיך. עס איז געווען דאָס עסקימאָסישע דאָרף טעלער, 90 קילאָמעטער פון נאָמע, ביַים ברעג פון בערינגער דורכגוס. די גאַנצע לופטרייזע פון קינגסביי קיַין אַלאַסקאַ האָט געדויערט 71 שאָ.

די עסקימאָסן האַבן מעכאַבעד געווען די געסט, וואָס זענען זיי אַראָפּגעפאַלן פון הימל, מיט וואַרעם געקעכטס.

אויפן אַנדערן טאג האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעט פון פונאַנדערנעמען די לופט־שיף. און דערנאָך זענען זיי אַוועקגעפאָרן קיַין נאָמע, וו זיי האָבן געוואַרט אויף אַ שיף. מיט דער שיף זענען זיי געקומען אין די פאַריייניקטע שטאַטן, ווי מען האָט זיי אויפגענומען מיט ענטוזיאַזם. מיט א געהויבענעם געפיל

און פאַרווירקלעכן אַ גרויסע אויפגאַבע, האָט זיך יעדער דאַן גע־לאָזט צו זיך אַהיים. ווו עס האָט געוואַרט אויף זיי דער טריומף!

זיי האָבן קאָנטראָלירט אַלע מיינונגען וועגן דעם אומבאַ־קאַנטן פּאָלאַר־געביט אויף יענער זייט פּאָליוס, און האבן פעסט־געשטעלט, אַז קיין יאבאָשע איז דארטן נישטא.

דער וויכטיקסטער אויפטו פון דער עקספּעדיציע איז אבער באשטאנען אין דעם, וואס זי האט דערוויזן, אז ס'איז מעגלעך צו פליען פון אייראפּע קיין אמעריקע איבערן פּאָליוס, און דער־מיט אויך אנגעצייכנט א נייעם פארבינדונג־וועג צווישן די ביי־דע ערד־טיילן. און דער גליקלעכער אויסגאנג פון דער דרייסטער אונטערנעמונג, האט אין אמונדסענס העלדישער לעבנסגעשיכטע אריינגעשריבן נאך א גלענצנדיק קאפּיטל. אָבער בארימטער ווי ער איז געווען, האט עס אים שוין מאכן נישט געקענט. שוין פריער האט מען אים אנגערופן דעם „נאפּאָלעאן פון די פּאָלאר־קאמפן", דעם גרעסטן זיגער פון די שווערסטע פּאלאר־שלאכטן.

אַנדערש איז געווען מיט נאָבילען. אן אומבאקאנטער איז ער געווען אין דער וועלט, און אפילע אין זיין אייגן לאנד. צוליב דער דרייסטער עקספּעדיציע איז ער געווארן וועלטבארימט. זיין צוריקקער האט גאנץ איטאליע געפייערט ווי נאציאָנאלן יאָנטעוו.

2 יאר שפּעטער, אין זומער 1928, מאכט נאבילע זיין צוויי־טע, אומגליקלעכע עקספּעדיציע צום צאָפן־פּאליוס אויף דער לופט־שיף „איטאליא".

אמונדסען קומט טראַגיש אום, אין זיין 56־טן לעבנס־יאר, ביים פּרוו צו ראטעווען נאבילען. צוזאמען מיט זיין פריינד דיטריכסאן, און דעם יונגן פראנצויזישן פליער גילבאָ, פליט אמונדסען ארויס צו העלפן נאבילען. און זיי האבן זיך מער נישט אומגעקערט.

אזוי איז דער גרעסטער העלד און זיגער פון דער פּאליאר־געשיכטע אומגעקומען איינשטעלנדיק זיין לעבן פאר אנדערע.

אויף נאבילעס אומגליקלעכער עקספּעדיציע איז טראגיש אום־געקומען דער יונגער מאלמגרען, איינע פון די איידלסטע געשטאלטן צווישן אמונדסענס נאענטסטע פריינד און מיטארבעטער.

אזוי האט דער גורל עטלעכע פרײַנד פון דער עקספעז
מיט דער „נאָרגע" ווידער טראַגיש פאַרייניקט...

דער וועג צו די העלדישע טאַטן איז געדיכט באַזייט
קוואַרים פון העלדן, יעדער העלד, וואס פאַלט, איז אַ גרוי
סער לוסט פאַר דער מענטשהייט. אָבער די מענטשלעכע העלד
קייט איז אייביק. און אויפן ארט פון די געפאַלענע העלדן, באַג
טערט פון זייער ביישפּיל, קומען נײַע, וואָס טראָגן די שטאַ
פאַן ווײַטער פאָרויס.

Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem

פרייז 60 גר. Nº 4. 30 KWIETNIA 1935

# „Kinder-Frajnd"

DWUTYGODNIK Wydanie A

Adres redakcji i administracji: Warszawa, Miła 33 m. 24



צווייטע אויפלאגע

1936